געווידמעט מיינע עלטערען
יעקב און פריידע בארקאן

קאפיטעל א.

# א שונא.

**האוו! . . . האוו, האוו! . . .**

האלבע נאכט. דער אלטער, איינגעוואקסענער חיים־בער פישער האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף אין׳ם קליינעם ליים־שטיבל, און ארונטער אויפ׳ן ערד־דיל. האט זיך א ווײלע געוואקעלט, אנגעשטעלט די אויערען ווי א נײגעריגער יאגד־הונט, און דאס אומרוהיגע, צוקנײטשטע פנים האט זיך פארצויגען מיט א נעץ פון אדערן־סטרונעס. די אויסגעמאטערטע, אכציג־יעריגע הארעוואניע־הענט האבען גענומען טאפען דעם חושך, און ער האט צוגעשפאנט צו דער אפענער פארטקע. ס׳האט זיך ארויסגערוקט א שטיק קאפ:

אויפ׳ן טייך איז שטיל — וואס־זשע האוקען זיי אזוי? . . .

האט אומגעקערט דעם קאפ מיט די צושויבערטע, גראע הארפעטלעס אין צימער אריין, און דערהערט דאס כראפען פון זיין בן־יחיד.

— לאז ער שלאפען . . .

די הינט האבען אלץ געהאוקעט. אט האבען זיי זיך איינגעשטילט, ווי ווען זיי פארקריכען דערשראקענע שטיל אין די ווינקעלאך — ניט א פיפס, און דא ווידער אויסגעזעצט מיט משוגענע, מאוים׳דיג־אומגעלומפערטע געוואלדען, אויף די העכסטע הינטישע געביל־טענער. האבען זיך הייזעריג געריסען פון די קייטען, שפרינגענדיגע, בייז־פארהארטעוועטע, און מיט אזא קלעגליך, טראגיש־בעטענדיג וואיען, ווי אט דא ניט ווייט רוקט זיך א סכנה פאר זייערע אלטע באלעבאטים.

— וואס זאל דארט זיין?

האט ער ארויפגעצויגען דעם אלטען, לאנגען זומער־ראק, אונטערגעבונדען מיט א שטריק, און איז ארויס.

א שעהנע זומער־נאכט. דער הימעל איז אנגעפילט מיט שטערן, ווי מיט אנגעווארפענע קופערנע פילקעס, און די טונקעל איז דין און דורכזיכטיג.

די לבנה גיסט איהר שיין אין טייך אריין. וויגען זיך ארום דא ווייסע וועגעז, און ווארפען זיך אלע מאל ארויף אויף נייע שאטען־ערטער, ווי אויף מחבלים, וואס ווילען דא אויסשפרייטען זייער שווארצע ממשלה. שטיל־קייט און זילבער־ליכט ארום. פרוכטבארע ערד און טייך רוהען זיס־פאר׳־חלום׳טע, ווי אונטער א ווייך־גנעדיגער כשוף־האנט — צופרידען מיט׳ן אנגע־לאדענעם גוטס אין זיך, ווי איינגעשלעפערטע, שמייכלענדיגע קינדערלאך מיט די רייכע מתנות אונטער די ארעמס. שטיל. די וועלט איז אויסגעגאנגען אין א טרוים. בלויז א קליין ווינטעל לויפט ארום איבער׳ן טייך, רודערט ערגעץ אויף א כוואליע פון א לעפעל וואסער, און צושפריצט אין דער לופטען, ווי מיט די הענטלאך פון א קליין, שטיפעריש בחור׳ל.

דער אלטער פישער האט אראפגעשפאנט מיט׳ן בערגעל צום ברעג, א ווײלע זיך פארטראכט אויפן וואסער, און זיך צוגעהערט וואס די הינט שרייען אויס הינטער איהם אין דער נאכט אריין. ער האט צוגעהאלטען די לאנגע, קאל־טענעוואטע בארד, און דאס פנים האט זיך צוקרימט:

— מסתמא דער אויסוואורף. . . כ׳מוז איהם אנלערנען!. . .

איז אריין אין שטיבעל, אראפגעכאפט פון וואנט די יעגער־ביקס, און ארויס. איז אוועק מיט דער לאדקע איבער׳ן טייך.

דער אלטער האט זיך שטיל געשארט מיט דער לאדקע, און דער פאר־דרוס איז געוואקסען. האט ער אונטערברומענדיג זיך געערגערט, גערוקט מיטן רודער־שטעקען אין בלאטיגען גרונד מיט אלע אויפגערודערטע כוחות, און ס׳האט געריסען א וועהטאג; וואס וויל ער, דער אויסוואורף!. . . וואוהין קריכט ער?. . . שוין באלד פערציג יאהר, אז ער ליגט דא ביים טייך, הארעוועט טאג ווי נאכט ווי אן אייזעל, און היט איהם ווי די אויגען אין קאפ — איצט וועט דער „דאר־מאיעדניק“ איהם דערגעהן די יאהרען, און א תל מאכען פונ׳ם טייך?... וועט עס נישט דערלעבען!. . . האט זיך אוועקגעזעצט אויף יענער זייט טייך, און קומט ביינאכט גנב׳ענען פיש און אנטאן שאדען: טשעפעט אפ פונ׳ם ברעג די לאדקעס, ברעכט אויף די שלעסער פון די קוישען מיט געפאנג, וואס שטעהען אין וואסער, קריכט אריין אין קאמיש און צורייסט די אריינגעשטעלטע נעצען. הינטישער זוהן! האט שוין א פאר מאל אין מיטען נאכט קוים די פעל געראַ־טעוועט — און קריכט ווייטער. ביז ווען?... איצט מוז ער איהם כאפען!...

— ש־ש. . . וואו האָט ער זיך באַהאַלטען?

א געריוש. פון א באַהעלטעניש האָט זיך דערהערט א לייכטער אויפ־שאָרך, צוגעקומען ווי א שטיל־אויסגעקייקעלטער חוזק־געלעכטער פון אן אָפּ־שפּעטער. דער אַלטער האָט דערהערט, א וואָרף געטאָן מיטן רודער־שטאַנג, ווי אַן איינגעשפּאַרטער גבור, און געהאַלטען אין זינען די ביקס. די לאָדקע האָט זיך געגליטשט איבער דער באַשיינטער גלאַטקייט פּאַרזיכטיג — און שנעל. דער פּישער האָט זיך צוטומעלט, און דער צאָרן האָט אויפגעזאָטען, ווי דער גיפט ביים שלאַנג אויף דער צונג: אָט פּאַקט ער איהם, דעם אוממענש, און דער־שיסט איהם ווי א הונט! וועט איהם צורייבען דעם טייך, איציק־שלמה'לע ממזר?. . . האָט ער אַרומגעוואָרפען די פאַרעלטערט־רויטע אויגען, אַרומגעלאָ־פען, און אלע מאָל זיך אָפּגעשטעלט: „הא? דאַכט זיך אָט־דאָ?. . . " און דער־זעהן די אָפּנאַרערישע ווירקליכקייט — קיינער! — איז דער פישער געוואָרען ווילדער, און נאָך מעהר צוטראָגען.

דאָ האָט זיך א הויב געטאָן א פאַרדעכטיגער געריוש — און שטיל גע־בליבען.

— האָ — — —!. . .

א יאָג די לאָדקע — און אויסגעשאָסען.

שטיל, ווי נאָך א דונער־קראַך. אין דער נאַכט־לופט איז געשטאַנען דער שאָס־נאָכגעריוש, און געוואָרנט מיט באַלד נאָכקומענדיגע מלחמה־געשעהענישען. דער אַלטער האָט זיך געטראָגען צום אָרט, וואו דער חשד איז געפאַלען. איצט איז ער געוואָרען מוטיג־אויפגעוואַכט און פלינק, און די צושפּראַלטע אויגען זיי־נען אַרויס צו די ברעגען: אָט איז ער!... איז שטעהן געבליבען ביים ברעג, ביים געדיכטען קאַמיש:

— אינוועניג.

א מינוט שטיל, נאָכדעם האָט ער געכאַפּט, אז מ'שושקעט זיך ערגעץ. יא, מ'רוקט זיך צווישען די הויכע קאַמיש־שטעקענס. האָט ער אויסגעשאָסען, אויפגעהויבען א געוואַלדיגען ליאַרעם, ווי א שטורם־אַנגריף אויפ'ן שונא, געשריען מיט א סך קולות, ווי א מאַסע מענשען וואָלטען דאָ איהם מיטגע־האָלפען, און ווידער געהאַלטען די ביקס פאַרטיג־אָנגעשטעלט: אָ־אָ־אָ!. . . אָ־אָ־אָ!. . . כאַפּט איהם!. . . און מיט אַמאָל האָט ער דערפילט, אז קיינער

ריהרט זיך ניט. וואו זשע איז ער? דער מוח האָט זיך שוין גאָר צושויבערט. דאָ האָט ער דערהערט אַן אויפגערויש: איבערן בערגעל ביים ברעג איז גע־קראָכען איינער אויף אַלע פיער. דער פישער איז אריינגעשפרונגען אין וואסער, דורכגעשניטען דעם קאַמיש אין ווילדען פלאָנטער, און נאָכיאָגענדיג דעם גנב מיט אויפגעריסענע, וועהטאָגדיגע קללות און קלאָג־געשרייען, האָט ער אויס־געשאָסען עטליכע מאָל.

יענער איז אוועק.

ער איז צוריק מיט א געוויין אין האַרצען. וואָס זאָל ער טאָן מיטן גזלן?... א דורכגעווייקטער און פאַרמאַטערטער איז ער אַריין אין לאָדקע, און זיך געלאָזט צום שטיבעל. פון ווייט איבער׳ן טייך האָט זיך אויפגעהויבען א הויכער געשריי, אָפּגעהילכט אין שטילען נאַכט־אַרום ווי דער עבאָ פון א גרויסען, ליידיגען פאַס אַרויס, און זיך צוגאַנגען איבער דער וואַסער־ברייט:

— פאַ‑‑‑טער!

איך! — האָט דער אַלטער קלאָגענדיג צוריקגעשריען. האָט פאַרקירע־וועט די לאָדקע קעגען קול. איז געפאָרען זיצענדיג, דער קאָפּ — שוואַך־אָפּ־געלאָזען, מיעד און פאַרצווייפעלט, ווי באַזיגט פון בלוט־שונאים, און דאָס לייב האָט געציטערט און זיך געשווינקט אין א הייסען פיבער־שוויים. געוואָרען קיהלער. פון די אַרומיגע בערג האָבען זיך אָנגעטראָגען צוהוליעטע ווינטלאַך, זיך אַריינגעריסען דורך די צוכראַסטעטע ראַק־לאַצען אין אַלטען׳ס פייכטען בוזים, און איהם נאָך מעהר פאַרמאַטערט. ס׳זיינען צוגעקומען מיט א שיפעל זיין זוהן נחום מיטן אייניקעל.

— דערהערט דאָס שיסען, זיינען זיי אַרויס. עפּעס געשעהן?...

חיים־בער האָט זיך אָנגעהויבען באַקלאָגען פאַר׳ן זוהן און אייניקעל אויף איציק־שלמה׳לע ממזר, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט פון יענער זייט און דער־געהט איהם די יאָהרען. וואָס הייסט ער קריכט?... וואָס האָט ער דאָ צו טאָן, דער מזיק!... דער אויסוואורף האָט זיך פאַרלייגט אויף זיינע יאָהרען, און וויל איהם פאַרטרייבען פונ׳ם טייך?... וואָס הייסט!... דאָ האָט ער א ווייל־ע אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, איינגעשוויגען אין טרויער, ווי וויינענדיג אין זיך, פלו־צים זיך אויפגעמונטערט און נעמענדיג דערצעהלען ראָפּטאָם־איילענדיג ווי אַלץ

איז דאָ פאָרגעקומען, האָט זיך זיין רעכטע האנט ציטעריג א הויב געטאָן אין דער לופטען:

— קינדער, איהר הערט, אז כ'ל דעם אויסוואורף ניט הרג'ענען, וועט איהר דעמאָלט זעהן!.. . כ'ל איהם שיסען!.. . זאָל איך אזוי לעבען, ווי כ'ל איהם שיסען!.. . אָט וועט איהר זעהן!.. .



## קאפיטעל ב.

# וואָס איציק־שלמה'לע געדענקט פון אמאָל.

פון יענער זייט טייך, פון איבערן הויכען בארג, האָט אראפּגעקוקט מיט צוויי פענסטערלעך דאָס נידעריגע שטיבעל פון איציק שלמה'לע ממזר — מיט אַ פאַמיליע פון דריי אין זיך. די פענסטערלעך מיט די בליקען צום ברעג טייך ווי שומרים, האָבען אָפּט באַגעגענט אַ פּאָר אויפגעריסענע שנאה'דיג־צוברענטע אויגען, וואָס האָבען דורכגעוואָרפען צום טייך אַזעלכע שפּיז־בליקען, ווי אָפּטמאָל די טיף־דורכשטעכענדיגע, שפּיציגע בליצען פון אַ שלאַנג־רעגען — און זיך פאַרטראַכט אין די פאַרלוירענע יאָהרען. די אויגען זענען געווען דעם באַלעבאָס', איציק־שלמה'לע'ס.

וואָס זשע האָט ער געטראַכט?

אמאָל, אמאָל, מיט א פערציג יאהר צוריק, איז ער נאך א קליין אינגעל געווען. זיין טאטע, פרויקע, איז געווען דער פארוואלטער ביים פריץ פון שטעדטעל, געוואוינט טאקע ביי איהם אויפ'ן הויף. אז ער פלעגט קומען אין שטאדט אריין, איז זיין ערשטער באזוך געווען ביי זיין חבר חיים־בער פישער. ער געדענקט נאך, איציק־שלמה'לע, ווי טאטע־מאמע פלעגען אלע ערב יום־טוב פאָהרען מיט דער בריטשקע אין שטאָדט אריין, אָנגעלאָדען מיט פּרוכט און גרינס חיים־בער'ן אַ מתנה: ווי טאטע־מאמע האָבען אזוי הארציג־נאָהענט געלעבט מיט חיים־בערס פאַמיליע און דער טאַטע פלעגט זיך ראַנגלען מיט חיים־בערס ווייב, רייזעל, און זי אריינוואַרפען אין בעט אריין; ווי חיים־בער פלעגט זומער ביינאכט צוקומען מיט א וועגעלע צום הויף, און דער טאטע פלעגט איהם שטיל אריינפיהרען אין גארטען, און שפּעטער ארויס מיט א פּאר קוישען עפּעל. א סך זאכען געדענקט ער איציק־שלמה'לע, וועגען גוט־ברודערישען בונד צווישען זיין טאטען און חיים־בער'ן — אבער נאכדעם איז געשעהן עפּעס אזוינס, וואס האט די צוויי משפּחה'ס צוריסען.

ס'איז אזוי פארגעקומען:

דער פּריץ האָט געלאָזט וויסען אז דער טייך זיינער ווערט געשטעלט אויפ'ן „טארג". אין יענעם טאג וועט זיין די „פּראדאזשע", ביי איהם אויפ'ן

הויף. דאָס שטעדטעל האָט זיך אנגעהויבען קהל'ן, פול געוואָרען מיט סודות'דיגע „רעדלאך" אויף די גאס־ראגען. דער טאטע זיינער פלעגט דאמאָלט אלעמאל פאהרען אין שטאָדט אריין, און אהיים געבראכט דער מאמען אהן א שיעור סודות וועגען טייך. דער מאמעס אויגען האָבען בעת מעשה געגלאנצט, ווי מיט א גליק פאר די אויגען, און זי האָט צוגערעדט דעם טאטען צו נעהמען דעם טייך: „א גרויסע מציאה, פרויקע, וויפיל מ'זאָל ניט ארייגלעגען . . . קורח'ס אוצרות ליגען דארט, זאגט זי איהם . . . זי וויל ער זאל איהם „נעהמען" אהן טענה'ס . . . מ'טאָר עס ניט אפלאָזען, איידער ס'ווערט שפעט . . . זי האט געהאלטען אין איין בעטען און דער טאטע האָט אלץ צוגעגעבען — אבער: האָט מורא איינצושטעלען. מ'קען וויסען? דער פריץ פארקויפט דאך דעם טייך אויף אייביג — אין צעהן יאָהר אויסצוצאָהלען. נו, טאמער אין א יאהר ארום רייסט ער אפ, אדער טריקענט אוים?... עפעס א גראָשען א בייגעל? מ'דארף דאך אריינבראקען אן אוצר!

— „ס'דאך אָבער א גאלד־גרוב, פרויקע . . ." און די מאמע האָט געקוקט מיט בעטענדיגע רחמנות־אויגען.

„ביזט געראכט, דבורה, — האט דער טאטע ניט געקענט זיך אויסדרעהען.

נאָכדעם, פאר'ן „טאָרג" איז ער געוואָרען מרה־שחורה'דיג. אז די מוטער איז איהם נאָכגעגאנגען מיט קשיא'ס, האָט ער איהר אויפגעדעקט דעם אמת:

— דבורה, ס'שלעכט, כ'קען דעם טייך ניט נעמען. וואָס וועט זיין אז דער פריץ וועט וועלען וויסען ווי ס'קומט צו מיר אזוי פיעל געלט? . . . . מיט אכט יאָהר צוריק בין איך דאָך געקומען צו איהם אן ארימאן! מיינסט דער פריץ האָט קיין שכל ניט? ט'זיך אָנשטויסען . . .

א מינוט האָט מען איינגעפרירט. נאָכדעם רופט זיך אפ די מאמע:

— פרויקע, ס'דאָך דאָ אן עצה: אויף א צווייטענס נאָמען . . .

— און אז מ'וועט געוואויר ווערען — און מיך מסר'ען צום פריץ?...

פונדעסטוועגען איז דער טאטע אוועק צו חיים־בער פישער, יענער זאָל איהם געבען זיין נאָמען. אז חיים־בער האָט אָפגעזאָגט, איז ער אוועקגעלאָפען צו אליקים תבואה־הענדלער, איהם צוגעזאָגט א שעהנע מטבע, און געקומען מיט איהם צום „טארג".

ביים פריץ אויפ׳ן הויף האָבען זיך אבגעשטעלט א מאסע אנגעפארענע, פרעמד־שטעטעלדיגע און דארפישע וועגענער פון אידען און גוים. זשומעט עס ארום פריץ׳ס הויז מיט גרויסע, ערנסטע סודות און פרעהלאך־אויפגעלעב־טען געוויש פון אומגעדולדיגע גליק־ערוואַרטער, און ביי יעדען אין הארצען ווארעמט זיך א ציטעריגע האפנונג: „ער האָט באשטימט ביי זיך די העכ־סטע פרייז — דער טייך איז זיינער“. איינינגע רייכע פויערים מיט ברייטע פאנ־טאלאנעס ווי די בלאז־זעק, ווילד־באוואקסענע, מיט צופאטעלטע האר־קודלעס פון אונטער די שאָפענע קוטשמעס ארויס, און ברייטע, ברוין־צואקערטע פנים׳ער פון זון און ווינטען, זענען זיך צונויפגעקומען מיט אבגעהאקטע רייד, זיך שטיל געטארקעט מיט די עלענבויגענס מיט א גראבען, מאלדאוואנישען „העי“, און מיט זידלעריי קעגען די אידישע סוחרים׳ס מאמעס, און פויל און אבגעלאזט זיך איבערגערעדט וואָס צו טון. די רייכע דארף־גויים האָבען, אפנים, גע־שלאָסען א יד־אחת קעגען די שטאט־אידען. די אידען האָבען זיך ארומגע־דרעהט גרופעסווייז לייכט און פלינק, אַלעמאָל זיך צושפרייט און איינגעשוויגען אין פאר׳חלום׳טער ערוואַרטונג. דאָ איז אין דער לופטען געפאלען אַן אומרוהיג צווייפעל־וואָרט, און מ׳איז זיך ווידער צונויפגעלאָפען אין ענגע, קיילעכדיגע רעדלאך, אויפגערוישט מיט אומקלאָרער שושקעריי, ווי זשומענדיגע בינען אָרום צושטערטען בינטאק, ביז ס׳איז געפאלען אַ שווער־געוויכטיג וואָרט, אויסגעגאַנ־גען צווישען עולם, און די אידען האָבען זיך צושפרייט בארוהיגטע, אָפגעטיילט פון די כאפטעס. אַ יעדער איינער פארטראַכט אין אַן אנדער ווינקעל, זענען געשטאַנען חיים־בער פישער, און פרויקע, איציק־שלמה׳לעס טאַטע.

אויף דער וועראנדע איז ארויסגעקומען דער פריץ. דער עולם האט זיך אומגעקוקט מיט דרך־ארץ, אראָפגעכאַפט די היטלען, און צוגעשפאנט נע־הענטער.

— גוט מאָרגען, פריץ.

— גוט מארגענדעל, פריץ גוטער.

— אַ — — גוט מאר־גען, פריץ.

דער פריץ האָט געווארענט וועגען האלטען ארדנונג, איבערגע׳חזר׳ט די באדינגונגען וועגען טייך, אוועקגעשטעלט די פרייז און א פרעג געטאן:

— ווער מעהר?

ס'האָט א קלונג געטאָן א ווארים־אידישע שטימע ווארפענדיג אין דער לופט א געלט־ציפער איבער דער פרייז. חיים־בער האָט פון א ווינקעל ארויס א זאלץ געטאָן אויפ'ן מקח א גרויסע סומע, מיט א גלייכגילטיגער כלא־ידע־מינע פון א גביר אדיר. דער המון איז געוואָרען אומגעדולדיג־נערוועז, זיך אויפגע־טרייסעלט מיט ערנסטע, אומרוהיגע אויגען, ווי די שאף אונטערן וואלף'ס פּלוצימדיגען ברום: שוין אזוי פיעל? אליקים תבואה־הענדלער האָט געכאפּט א ממזר־וואונק פון דעם פּריץ'ס פּארוואלטער און געשטיגען העכער. איינער פון א גרופּע אידען האָט עפּעס צוגעלעגט. מ'איז געוואָרען היציגער. דעם פּריץ'ס קול איז געוואָרען הויך און פרעהלאך, ווי שאלענדיג מיט נצחון, און ראָס אנגעבלאָזענע, ווייסע פּנים — מיט א פעטען גלאַנץ, ווי באצויגען מיט אן אויסגעוואשענער חזיר־הויט. האָט אלע מאָל איבערגע'חזר'ט די סומע, און אונטערטרייבענדיג געפרעגט ווער ס'גיט מעהר. א גראָבע פּויער־שטימע האָט ארויפגעצויגען העכער. דער פּריץ האָט זיך צעוואָרימט: נו, וואָס שטעהען זיי און טראכטען? וועלען קריגען, מיינען זיי, דעם טייך פאר א שטיקעל מאמעליגע מיט ברינזע?... אפילו פאר א גנב איז ער ווערטה מעהר! הכלל, וויפיעל גיט מען?" האָט איבערגעזאָגט דעם לעצטען ציפער. ווער גיט מעהר?... מוחות האָבען זיך געפּלאַנטערט, געטראכט שנעל און צורודערט, ניט געקענט זיך קיין עצה געבען. ס'האָט שוין געהאלטען שטארק אָנגעצויגען. א שטיל, פיבעריש שווייגען. און פּלוצים האָט חיים־בער א ווארף געטאָן אזא אומגעריכטע הויכע פּרייז, אַז דער עולם האָט זיך אויפגערירט, ווי די זאַנגען אין ווינט, און זיך אבגערוקט ווי אונטער האמערס קעגען די אויגען. באלד האָט זיך צושפּרייט־אַן עקשנות, מיט א פעסט־שטופּענדיגער קראַפט, און מ'האָט גענומען שטייגען איינער איבער'ן צווייטען: „אז פאר יענעם האָט ער די ווערט אזוי פיעל — וואס זאל איך מורא האָבען?" די גוים זענען נאָכ־געלאָפען די אידען, אויפגעהויבען די סומע קאלט און בא'ישוב'ט, און נאָך יעדען מאָל וואָס א גוי האָט „אָנגעזאָלצען" האָבען די אידען אויסגעדרעהט די קעפּ, אויפגעפלאַמט מיט צוואווארפענעם שוועבעל און די אויגען, מיט צורייצ־טע, אויפגעהויבענע הענט און צולאָזט די שטימען היציגער און איינגעשפּארטער. האָבען זיי אלעמאָל צוגעלייגט צו דער גרויסער סומע פופציג אָדער הונדערט קערבלאך, און — א וואָרף צו דער וועראנדא. חיים־בער מיט אליקים'ן זיינען געוועזן די שארפסטע קאנקורענטען אי צווישען זיך אי קעגען אלע. די לופט האָט זיך אָנגעפילט מיט א ווארימקייט פון אומגעדולדיגע, הייסע אָטעמס און

צוקאָכטע ליבער. ס׳האָט זיך צושפּילט א לוסטיגע, צוהוליעטע קאַמף־שפּיל, און יעדער איינער האָט געוואָלט אַרויס דער זיגער. האָט מען שוין אָנגעהויבן אויפ־רוישען אין כאפּטעס, איבערגעלאַפּען, ווי די צוטומעלטע מייז אין פּליטה־געלויף, פון איינעם צום אַנדערן מיט אַ וואָרט, אַ שושקע, געציטערט פאַר׳ן אָט־אָט־אָנ־קומענדיגען — און די טייך־פּרייז האָט געשטיגען. ווער וועט זיין דער מזל׳די־גער ?. . . אָט ליגט ער אויסגעשפּרייט, דער גרויסער טייך, מיט זיין הינטער־שטאָדטישער, דריי־מייליגער ווייטקייט. . . וויפיל אוצרות ליגען דאָרט באַהאַל־טען אין דער שווארצער בלאָטע זיינער ?. . . וויפיל מאָל האָט מען פון איהם צו הונדערט פּוד פיש ארויסגעצויגען מיט איין „שלעפּ“ ?. . . אך, ווער ס׳וועט האָבען מזל און איהם „נעמען“, איז אויף אייביג גליקליך. . . ס׳איז א ווײַלע שטיל געוואָרען. די העכסטע סומע האָט איצט אָנגעבאָטען דער סוחר אליקים. די פוילע מאָלדאַוואַנעס, אָנגעשפּארט אויף די לאנגע צווייגען־שטעקענס אי־בער זייערע קעפּ, האָבען איינגעבויגען זיך איבערגעקוקט, און פארלאָרען דעם מוט. פּרויקע, דער פּארוואלטער, איז געשטאנען ניט ווייט פון אליקים׳ן, און זיך איינגעהערט אין יעדען שאָרך מיט א גליווערנדיגער אויפמערקזאַמקייט. דער פּריץ האָט אויסגעשריען : „איינמאָל ! ווער מעהר ? קיינער ? צוויי מאָל ! ווער מעהר ? דער טייך איז ווערט אַ סך, ניט אָפּצושאַצען. . . איהר ווייסט ניט וואָס פאַר אַ רייכקייט דאָרט ליגט. . . ווער גיט מעהר ? ענטפערט ! קיינער ?. . . דער פּריץ האָט שוין שיער א זאג געטאָן „דריי מאָל“ — און דאָ האָט חיים־בער ארויס־געשריען אזא רייכען ציפער, אַז פון אַלע זייטען האָבען זיך צוואָרטשעט לאַנגע העלזער, און קנאה׳דיגע באַוואונדערט זיין גרויסען מוט און רייכקייט. ס׳האָט זיך דערהערט דעם פּריץ׳ס „איינמאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל !“ און דער טייך איז געבליבען חיים־בער׳ס.

אין זעלבען פאַרנאַכט האָט דער פּריץ גערופען צו זיך דעם פּאַרוואלטער :

— זאָג נאָר, פּרויקאַ, ווי אַזוי האָסטו געקענט טאָרגאָוועז דעם טייך ? פון וואַנען קומט צו דיר אזוי פיל געלד ?. . .

— אי - - ך ?. . .

— אָה, דו פאַרשאָלטענער איד, לייגסט נאָך ? גלייך אין די אויגען אריין לייגסטו ! מיינסט, אַז דער פּריץ ווייסט ניט, אַז דו האָסט אָנגעשטעלט אליקים׳ן צו טאָרגעווען פאַר דיר דעם טייך ? זעה נאָר אַ צורה פון אַ לעמעלע — פּאַרשאָלטענער ! . . .

און איהם ארויסגעטריבען מיט אַן אָנגעצונדענעם פּנים.

— קום אַריין אינדערפריה זיך אָפּרעכענען — און באַלד זאָל דיין פוס ניט זיין דאָ! הערסט? אומווידרדיגקייט!. . .

נאָכדעם האָט פרויקע זיך אַרומגעוואַלגערט מיט דער פאַמיליע אין שטאָדט ווי בידנע פרעמדע, אַרומגעשפּאַנט צוטומעלט און שווייגענדיג דער־שלאָגען, געפּרוואווט פּיהרען געשעפטען, און ס'איז אוועק ווי מיט א פינסטערער קללה איבערן קאָפּ און זיך אויסגעפּרעסען דאָס לייב. אין א פּאָר יאָהר אַרום איז ער געשטאָרבען. פאַרן טויט האָט ער צוגערופען צום בעט זיין פערצעהן־יאָהרי־גען בן־יחיד איציק־שלמה'לע, און האָט איהם אָנגעזאָגט:

— ווייסט, מיין זוהן, ווער ס'טרייבט מיך אין קבר אריין? — חיים־בער פישער. כ'בין איהם ניט מוחל, דעם מערדער — און געדענק וואָס איך זאָג דיר אָן: זאָלסט זיך אָן דעם מסור נוקם זיין. . . דו הערסט?. . . זאָגסט עס מיר צו?. . .

— יא, טאַטע. . . און דער זוהן האָט אויסגעשטרעקט די האַנד.

אָט דאָס אַלץ געדענקט איציק־שלמה'לע פון אינגעלווייז — אָט שטעהט עס פאַר די אויגען. ער געדענקט וויפיל צרות די מאַמע און ער, און די שוועס־טער האָבען נאָכדעם איבערגעטראָגען. ס'זידען נאָך אין איהם די וועה־פּאַרדרו־סען, ווי אָט איצט איז דאָס פאַרגעקומען. איצט, נאָך לאַנגע יאָהרען פון שטאָדט־מאַטערנישען און זיך שלעפּען איבער דערפער, האָט ער זיך באַזעצט מיט ווייב און קינדער אויף יענער זייט טייך, צו ארבייטען אויפן פריץ'ס ערד, און דער־זעהן אַקעגן חיים־בערן. די אַלטע פּאַרדרוסען האָבען אויסגעזעצט אין איהם ווי פּלוצים־צוריסענער דינאַמיט, איהם צוטומעלט, און אין הייסען לייב האָט אויפגעקאָכט א ברענענדיגער שנאה־גיפט. ארבייט איציק־שלמה'לע בייטאָג אויפן פריץ'ס ערד, איז א „גוטער ברודער" מיט די פּויערים און העצט זיי קעגן אלטען חיים־בער, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד־רויב און זשאַלעוועט זיי, די גוי'אים, א פישעלע — און אָפּט, שפּעט ביינאַכט, באַפאַלט ער דעם טייך ווי א שטילען, נאָכגעביגען שונא, קריכט מיט שטעקענס אין הארצען, ברעכט און לאָמעט, יאָגט זיך א צורודערטער, ווי דער אומרוהיגער ווינט, און אלע מאָל שטעלט ער זיך אָפּ, און רייסט אוים שטיקער לייב. . .

שטעהען פוןביידע זייטען טייך שטיבעל קעגען שטיבעל, קוקען זיך אי־בער ווי איבער א גלאַטען, אויסגעשפּרייטען מלחמה־פלאַץ, — און אין איינעם פון זיי האָט אויפגעגליהט אַן אַלטער וועהטאָג, און זיך צוברענט מיט א ווילד־אויפגעפלאַמטען, פייערדיגען צאָרן.



## קאפיטעל ג

# מאָטעל געפינט א יונג בלימעלע

האלבער טאָג. די פישער־משפחה איז געשטאַנען אויפן ברעג. דער אַל־טער חיים־בער און זיין זוהן, נחום, האָבען מיט לאַנגע, הילצערנע נאָדלען און שפּאַגאַט זיך ארומגעפּאָרקעט ארום אויסגעטריקענטען נעוואָד, וואָס איז גע־האנגען אן אויסגעשפּרייטער אויף ווייט צעוואָרפענע, איינגעקלאַפּטע דרענגלעך. מאָטעל, נחומ׳ס זוהן, און זיין עלטערע שוועסטער, צירעל, זיינען געשטאַנען אין הויכען קאַמיש, האָבען מיט לאַנגע שערן אונטערגעשוירן די רעהר־שטעקענס, און שטילערהייד א טרויעריגען פעלד־ניגון אויסגעזונגען. חיים־בער האָט א רוף געטאָן מאָטלען. דער איז פויל אַרוים צו דער ליכט, זיך געקנייטשט אונטערן זיידענ׳ס א פּאָר ווערטער, און זיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אין א זייט, וואו עטליכע לאָדקעס האָבען, ווי אויסגעצויגענע, דיקע וואסער־באַשעפענישען מיט די בייכער אראָפּ, זיך ארומגעוואָרפען ביים ברעג. האָט צוגעשפּאנט נעהענטער. די פאַרהאַרטעוועטע ביינער האָבען זיך א שטרעק געטאָן מיט גבורה, אזש די שווארצע האָר־טשובעס אויפן שטערן האָבען אויפגעפלאַטערט. א הויב, — אָהה־אָה, די לאָדקעס ליגען שוין מיט די בלאָטיגע דנאָס קעגען דער זון, ווי פון א שטורם איבערגעקערט!. . . . האָט ארומגעווישט די בלאָטע, אָפּגעטראָטען און גענו־מען קוקען אויף די לאָדקעס א פאַרטראַכטער, ווי ער וואָלט אָנזעהן זייער טריי־קענען זיך. . .

דער אלטער חיים־בער האלט היינט אין איין מורמלען אויף דער פאַר־גאַנגענער נאַכט, פאַנפּעט און שעלט איציק־שלמה׳לען. איצט האָט ער זיך אויפ־געמונטערט.

— א שעהנער טאָג, א יאָ, נחום?א גאָלדענער טאָג. הער נאָר, אפשר וואָלטען מיר מאָרגען געשלעפּט דעם נעוואָד?

פאַרוואָס ניט? — האָט נחום באַלד נאָכגעגעבען.

און צו מאָטלען:

— הער נאַר, מאָטעל, קום נאָר אַהער! זעהסט טעג? אין אַזאַ צייט זיצען ליידיג איז אַן עבירה פאר גאָט. פאָהר אריין אין דאָרף און באַשטעל גוי־אים, שלעפען מיר מאָרגען דעם נעוואד.

מאָטעל האָט צוריקגעשפּאַנט צום קאַמיש, מיט אומרוהיגע פינגער אונטערן היטעל, האָט צונויפגעלעגט אין א קופּע דעם אונטערגעשוירענעם קאַמיש, און א זעץ געטאָן דער שוועסטער מיטן עלענבויגען, פאַרוואָס זי לאָזט איהם ניט דורכגעהן. „ס'ט שוין מאָרגען זיין ארבייט, אין דר'ערד אריין — האָט ער, אַוועקגעהענדיג, אונטערגעוואָרטשעט. איז געגאַנגען מיט דער שער צום שטיבעל. אויפן בערגעל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט:

— העי, טאַטע, אויף גאַנץ פריה זאָגסטו?

— יא, גאַנץ פריה, נאָר גיכער! זאָלסט זיך ביי די גוי'אים ניט אָפּשטעלען. . . איידער־עפּעס איז נאַכט.

מאָטעל איז אריין אין שטאַל, ארויסגעפיהרט א פערד און אַוועק.

דער הויכער פלינקער קאַשטאַן איז געלאָפען מיטן גערדרעהטען, ווייס־שטויביגען שליאך אלע מאָל אונטער א זעץ פון אויבען, א הויכען שפרונג געטאָן און זיך צולאָזט שנעלער, אימפּעטיגער, מיט אַן אויסגעצויגענעם האלז אין דער הויך, מיט צעוואַרימטע, שנאָרכענדיגע נאָזלעכער. דער וועג איז געלעגען צווישען לאַנגען טייך־פּאַס און פריש־אויפגעאַקערטען פעלד מיט צעוואָרפענע ביימער און ווייס פאַרטריקענטע, אויסגעטראָטענע סטעזשקעס. דער יונגער מאָטעל, מיט די פיער און צוואַנציג יעהריגע כוחות, האָט זיך געטראָגען גאַלאָפּ אויפן אויפגעגלאַנצטען צורייצטען קאַשטאַן, געלאָפען און געוואָרפען די אויגען פאַראויס, צו זעהן ווי ווייט זיינען די ביימער מיט די לאַנגע, אראָפּגעלאָזענע צווייגען ביים ברעג, וואו איז דאָס הויכע בערגעל, וואו מ'דאַרף ארויף מיט אַמאָל — און דערווייל איז אין יונגען רייטער ארומגעלאָפען די פרייד פונ'ם יאָגען זיך, זיך געקייקעלט אין לייב, ווי א צוהוליעט חיה'לע אין פעלד. דאָס בלוט פון דעם נאַטור־קינד האָט זיך פארוועט מיט די בהמה־כוחות: אה־אה! קענסט לויפען? נאַ־זשע דיר אַ בייטשעל — שנעלער! . . . . „די הענט האָבען געפּעכט און זיך געדרעהט אין דער לופטען, געבויגען דעם קערפּער פאַראויס, ווי זיך אריבערצואוואַרפען איבער'ן פערד'ס קאָפּ, און דער קאַשטאַן האָט יאָגענדיג זיך צוהיצט מיט הייסען שוים איבער'ן רוקען, געריסען די ערד און

איבערגעלאָזט א געדיכטען שטויב הינטער זיך, דערפילט א רוק אויף א ווייך אָרט און זיך א שטעל געטאָן מיט די פּאָדערשטע פיס אין דער לופטען, ווי דאס געלערענטע צירק־פערד, און אוועק איבער׳ן ווייסען פּאס מיט פריש־אויפגעטרייסעלטער ווילדקייט. איבער ברייטער, צוגראבענער ערד האָט א לייכט ווינטעל זיך אויפגעהויבען. אז דער רייטער האט פארבייגעשוועבט איז דאָס ווינטעל אקעגענגעלאָפען מיט א הוזש, און איהם באוואָרפען מיט אזוי פיעל פּע־טען ריח פון שווארצער אונטערערד, אז דער יונג האט אזש צושאקעלט דעם קאָפּ מיט אן אָפען מויל: הא! — — — !... א הייסער טאָג היינט. די זון האָט ווי א גוטע מאמע איבער איהר קינד מיט ביידע ברוסטען ארויסגעוואָרפען, אויסגעלייידיגט א ים מיט ווארימקייט: „נאט, קינדער, איך זשאלעווע אייך ניט“. ביי דער זייט פון וועג געהען איינציגע פּויערים נאכ׳ן אקער. הייס. דרעהט דער פּויער די אנגעהיצטע, קיילעכדיגע פּלייצעס, שטעלט אפּ א רגע דאָס מיעדע פערד און רוהט זיך אָפּ, ווישט מיט די קויטיגע העמד־ארבעל דעם שוויים פונ׳ם ברוינעם פּנים — און נאכ׳ן אקער ציהט ער מיט פארבענקטע הענט. אך, די ליעבע זון! א ברכה אויף איהר: מ׳דארף זי איצט אזוי נויטיג. ברענט דאס שווארצע לייב אונטער׳ן גראבען, לייווענטענעם העמד — און דער פּויער, ווי פארטאָן אין א שטילער תפילה, קוקט־נאָך ווי ס׳אקערט זיך אויף די ערד.

מאטעל איז ארומגעפאָהרען דעם טייך, האט זיך אפּגעשטעלט אויף יענער זייט, ווייט איבער׳ן בארג, ביים וועג. דאָ איז געלעגען א פלאך שטיק לאנד, וואס די גוים פונ׳ם שכנות׳דיגען דאָרף האבען איצט באארבייט.

— הע - - י! גוטע מענשען! — האט מאטעל גענומען פאכען מיט׳ן היטעל. קומט אהער אויף א מינוט!

די פּויערים זענען מורמלענדיג זיך צוזאמענגעקומען.

גאט העלף, ברידער... וועט עמיצער פון אייך געהן מאָרגען גאנץ פריה דעם נעוואד שלעפּען?

וויפיעל דארף מען, מאטקא? — האָט איינער א פרעג געטאָן.

דרייסיג, גוטע מענשען, — ענטפערט מאָטעל.

עפּעס האט יא א זשומע געטאָן, ווי צווישען זאנגען אין ווינט — און שטיל געוואָרען.

— זעהסט דאך, מאַטקאַ, אַז ס'נישטאָ איצט קיין צייט, — האט א מורמעל געטאָן אן אלטער, באָרוועסער פויער, און זיך געלאָזט צוריק צום אקער. די פויערים האבען איהם נאָכגעשפּאנט.

מאָטעל האָט געזעהן די שווארצע, געזונטע ערד וואס רופט די פויערים — זיך אבער געפוילט צו פאָהרען ווייטער זוכען, און דאס הייסע בלוט האָט אויפגעקאָכט:

— הע־י, באַלעבאַטים, קיינער ניט ? ווי איז אייך ניט קיין בושה !

די פויערים האבען זיך ניט אומגעקוקט, געגאנגען ווייטער שווייגענדיג מיט די קעפּ צו דר'ערד: אז קיין ארבייט אין פעלד איז נישטאָ, און מ'זיצט פאר'חלומ'טע אויף די קאלטע פּריזבעס, מיט הענט ווי די קלעצער — דעמאלט פליהט מען צום נעוואד ! טאקע גערעכט, דער יונגער פישער... ס'רופט דאך אבער דער אקער !... זיי הויבען אָן שפּאנען שנעלער. זעהט מאָטעל קיינער ענטפערט ניט — איז א האק מיט די פּיס דעם פערד אין בויך אריין — ווייטער !

— איצט־אָ א נעוואד שלעפּען ! אין דר'ערד אריין . . .

לויפענדיג אויפ'ן וועג האָט מאָטעל געכאפּט א קול פון א שייגעץ:

— מו—י, מאטקא, מו———י ! . . .

ער האָט איינגעהאלטען דעם פערד און זיך ארומגעקוקט.

פון דער זייט, הינטער'ן דאָרף, לויפט א שייגעץ און פאָכעט מיט דער האנט ער זאָל בלייבען שטעהן. ווער איז דאס ? ניין, ער דערקענט איהם ניט. אַז מאָטעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט יענער אָנגעהויבען פרעהליך שרייען, ווי מיט א גרויסער בשורה.

— אָה, טירענטי איז דאס . . .

יענער איז צוגעקומען נעהענטער, מיט א צווייגעל אין דער האנט, באר־וועס און אהן דעם רעקעל, און דער יונגער, מאלדאוואניש־פּעסטער קערפּער האָט ניט געקענט איינרוהען, און געשיינט מיט א שמחה'דיג פּנים דורך'ן קוי־טיגען שוויים:

— מוי, מאטקא, מוי, וואס טוסטו ? וואוהין יאגסטו אזוי ? כ'האב איהם באלד דערקענט דעם קאשטאן דיינעם — לויפענדיג . . .

— פליהט ווי א ווינט, דער טייערער, — האט מאטעל נעפאטשט דעם פערד איבער'ן האלז. און וואָס טוסטו, טירענטי?

— איך? . . . ווייסט אז זונטאג איז שוין מיין כאסליערע?

— אה - אה, שוין דיין כאסליערע! וואס־זשע שווייגסטו, העי, מענש? וועלען מיר דאך קענען א הוליע טאן! . . .

אָט דאס, ברודער, וויל איך דיר טאקע זאגען: פארגעס ניט צו קומען זונטאג אין דערפרי, ווע'מיר אינאיינעם ארויספארען צו דער כלה קיין טשיטרען —און בייטאג ווע'מיר האָבען דארט הינטערן דאָרף א דזשאָק. *) וועסטו קומען?

— פארשטעהט זיך כ'וועל קומען. וואס דען?

מאטעל האט שוין געוואלט א צולאז טאן דאס פערד, זיך עפעס איינגע־האלטען, און התפעלות'דיג א טארע געטאן מיט א פוס דעם שייגעץ ביי אן אקסעל:

— העי, מוי טירענטי! כ'בין דיך מקנא, ברודער, מיט דיין מויד . . . ס'א מויד מיט ברוסטען . . . וועסט האבען א געשמאק שטיק פלייש, אין גאט'ס מאמע אריין! . . .

— און וואס האסטו געמיינט — טירענטי האט קיין אויגען ניט?

מאטעל איז אוועק א שמייכלענדיגער, און טירענטי האט נאכגעשריען:

— זאלסט קומען זונטאג, מוי מאטקא, דו הערסט? . . .

א שעהנער טאג. די ערד ציהט. האט מאטעל איבער די פעלדער קוים צוואנציג מענשען צום נעוואד שלעפען צונויפגעקליבען. פארנאכטליך, לויפענ־דיג אויפ'ן פארשוימטען פערד אהיים, פארשטויבט און פארמאטערט, האָט איהם עפעס א ציה געטאן צו איציק־שלמה'לעס שטיבעל אויפ'ן בארג.

— לאָמיך זי זעהן פון נאָהענט . . . .

שוין עטליכע מאָל פאהרענדיג אויפ'ן טייך האָט מאָטעל באמערקט לע־בען שטיבעל א פרוי, מיט די אויגען צום וואסער. ער האט דערקענט, ס'איז א מיידעל: לויט איהר שטעהן מיט'ן קערפער אויסגעצויגען, און מיט צונויפגע־פלאָנטערטע הענט אויפ'ן קאפּ. ס'איז איהם געווארען איינזאם אליין איבער'ן

*) א טאנץ: א פרעהליכע פארוויילונג אין טענץ, אונטערן פרייען הימעל.

גרויסען טייך. האט ער א פּאַך געטאן מיט דער האנט, און פרעהליך־הויך צונג־סווישטשעט. דאס מיידעל האט געענטפערט מיט א האנד. אז מאטעל האט זיך געלאזט צום ברעג איז דאס מיידעל אוועק.

ער איז צוגעפּאָהרען צום שטיבעל. נו, און אז איציק־שלמה'לע וועט איהם ארויסטרייבען?... כאָטש וואס האט ער צו א י ה ם?... סיי ווי — דער־הרג'ענען וועט ער איהם דאך ניט, — לאז ער זעהען דאס מיידעל...

אין שטיבעל, ארום אַ קיילעכדיג טישעל, איז געזעסען א געזינד פון דריי, און שטיל געגעסען וועטשערע. מ'האָט זיך איינגעהערט אין געריוש פון די זו־מערדיגע אווענט־ווינטלאך, וואָס שפרינגען אַלע מאָל אונטער צו די שייבלאך, ווי ווילדע טייוואלימלאך, צוטרייסלען ויי און אנטלויפען. דער באלעבאס, מיט א צוקארטשעט, לאנג פּנים, איז געזעסען לעבען זיין ווייב, מיט אן אפּגע־סטרוזשעטען קאפּ און בייזע אויגען, און זיצענדיג זיך ארויסגעהויבען איבער'ן טיש, ווי א מיטל־וואוקסיגע פיגור שטעהענדיג. איז געזעסען אויבען־אָן, קעגען דער דרויסען־טיר. דאס ווייב האָט אַלע מאל געקוקט קעגען זיך צו דער יונגער טאָכטער, און שטילערהייד אריין מיט'ן הילצערנעם לעפעל אין שיסעל באָרשטש. ס'האָט זיך געעפענט די טיר.

— גוטען אווענט . . . א גוטען אפּעטיט.

מאָטעל איז שטעהן געבליבען ביי דער טיר און געזוכט נאָך ווערטער.

— איהר'ט עפּעס געוואלט זאגען? — האָט דער באלעבאס געפרעגט.

— כ'בין חיים־בער'ס אייניקעל, — האָט מאטעל פלוצים אויסגעזועצט. כ'האָב דא דאס פערד... אפשר האט איהר אביסעל וואסער כ'זאל עס אנפּאָיען?

— וואסער? פארוואָס ניט? לאה'לע, דערלאנג איהם א טשאָטרע *) וואסער.

ער האט נאָכגעקוקט דעם מיידעל ווי זי איז געגאנגען צום פאדער־קע־מעריל, באגעגענט איהרע גרויסע, יונג־מיידעלשע, ווייכע אויגען, און ס'האָט איהם דורכגענומען א ווארימקייט. זי האט איהם אונטערגעטראגען א קע־פעל וואסער.

*) אייזערנער עמער.

— אָט האט איהר . . .

דאס מיידעל איז ווידער געזעסען ביים טיש. מאָטעל איז ארויס, און באלד אריינגעקומען. אזא שעהנע מויד . . . וואס זאל ער איצט טאָן ? . . .

— אפשר ט׳איהר עפּעס עסען ? — האָט א זאג געטאן די באלעבאסטע.

— האָ ? עסען ?... איז טאקע הונגעריג ווי א הונט.

די באלעבאסטע האט אוועקגעשטעלט לעבען איהם א קאלטען, רויטען באָרשטש מיט א ווארעם שטיק מאמעליגע.

מאָטעל נעהמט זיך עסען — ס׳איז שווער. א קעגען זיצט די הויכע, ברייט-צעוואקסענע מיידעל, שטיל ווי א פרומע טויב, עסט, און קוקט איהם אן מיט׳ן ברוינעם פּנים, און מיט די קיילעכדיגע, גרויסע אויגען. א מין קוקען! . . . זעה נאר ווי זי האָט אָנגעשפּארט די רונדע, הארטע בריסטלעך, ווי יונגע קאוואָ־נעס, אויפ׳ן ברעג טישעל — אומשולדיג אוועקגעלעגט. א טייערע מויד! . . . קוק נאר אָן די באקען מיט די געדיכטע בלוט-פלעקען אין מיטען, און ארום — רויטע שפּריצען, ווי אויף פרישע, קאָראָלקעס... *) איז דער פישער שטיל. אין שטיבעל ווערט ווארעם און היימליך. האט גארניט באמערקט: זעה נאָר א מין שווארצער צאָפּ אויף די פּלייצעס! שוין ערגעץ באגעגענט אזא מיידעל ?...

— העי, וואָס עסט ער ניט ! האָט איציק-שלמה׳לע איהם א טאָרע געטאן.

נאָכ׳ן עסען האט דער פישער-יונג זיך צורעדט, אלע מאל א קוק געטאן אויפ׳ן מיידעל, און זיך צופלאמט מיט פייער-היץ. ענטפערענדיג עטליכע מאל דעם באלעבאס אויף פראגען וועגען טייך, האט ער נאכדעם זיך פארלארען, און אליין שוין אויסדערצעהלט די געשיכטע פון׳ם טייך ביים זיידען און טאטען אין די הענט — מיט אלע סודות.

איז אהיים שפּעט ביינאכט.

וויא — — — ! . . . וויא — — — ! . . . יאג זיך, פערדעל ! שנע־לער לויף, געשווינדער ! . . .

וואס לויפט ער אזוי, מאָטעל ? א שליח אין די ווייטע ווייטען — אויף מינוטען ? ווען וויל ער איבעריאגען ? . . . א זיסע פרייד האט אין איהם

*) א סארט עפּעל אזא.

אויפגעשטראָמט, מיט׳ן לויפענדיגען, פאר׳חלומ׳טען נאָכטראכטען איהם אלץ מעהר צוהיצט, צורייצט, און איהם געטראגען אין די ווייטען, ווי א צוהוליע־טער, טרייבענדיגער ווינטער. אלע אברים האָבען זיך צוהעצקעט אין א טאנץ פון איבערגליק, ניט געוואוסט וואס צו טאן פאר פרייד פון׳ם געפונענעם אוצר. איז געפלויגען דער רייטער איבער בערג און טאָלען, צווייגען און שטיינער — און דעם וועג אפילו ניט געזעהן. דאכט זיך ער איז זיי געפעלען... האָט דען ניט באמערקט? האבען איהם ביים אוועקגעהן באגלייט קאלט — און ביי דער מוטער אין די אויגען האט זיך באהאלטען א גדולה... וועט טאקע מארגען ווידער זיין דאָרט. אזא טייערע מויד! ווי זי קוקט אזוי קינדיש־פארחידוש׳ט מיט די גרויסע אויגען! מ׳דערקענט דען ניט? — נאָך א יונג בלימעלע.

וויאָ — —! וויאָ! . . . — האָט זיך ארומגעוואָרפען די צואווילדע־וועטע פרייד. און ביז אהיים האט דאס מידע, אפגעגאסענע פערד גאלאָפירט ווי מיט א ליכטיגער בשורה צו דער וועלט — און דער אומגעדולדיגער פישער־יונג האָט זיך געהויבען א צושויבערטער, א שיינענדיגער, מיט א הארץ־דאנק צו די פרייע שטרעקעס פאר דער אומגעריכטער באגעגעניש:

— גליק מיינס!



ק א פ י ט ע ל ד.

## מאָטעל ציהט צו איציק־שלמה׳לעס הויז.

בלויער פריהמאָרגען. דער רויטער פלעק אין מזרח איז נאך געהאנגען הינטערן באַרג.

אַ כאָפּטע מאלדאַוואנעס האבען זיך פארזאמעלט אויפ׳ן ברעג טייך צו ציהען דעם נעוואד. ווי שטענדיג, אין אזוינע שטילע פריהמאָרגען־רגע׳ס, איז מען איצט געשטאַנען קעגען נייעם טאג־אויפקום מיט איינגעהאלטענע אטעמס, ווי פאר א גרויסען נאטור־חידוש, און געקוקט אין דער טיף, ווי פאר׳חלומ׳טע. אויפ׳ן טייך, געהילט אין א דינעם נעפעל, האָט זיך באוויזען נחום פישער, פיהרענדיג אויף אַ לאדקע דעם לאנגען, הויך־צונויפגעהורבעטען נעוואד. פלוצים אן אויפריהר, א קאמאנדע — און די בארוועסע פויערים האָבען אויפגערוישט: ווער ס׳האָט געכומען פארקאטשען די ברייטע פאנטאלאנעס און העמד־ארבעל, ווער — אויסגעטאן און ארויפגעווארפען הויך אויפ׳ן גראָז־בערגעל די היטלאך, רעקלעך און זשיליעטען, און ס׳איז אריין אין לייב דער חשק צו ארבייט. מ׳האָט זיך צוליאַרעמט, און איינער דעם אַנדערען אונטערגעטריבען: „נו, גיכער, זיי פארטיג, ברודער — היידאַ!” נחום איז צוגעקומען צום ברעג, און האט צוגעווארפען די פויערים א „גוט מארגען”.

— וואס זאגט איהר, — ס׳וועט זיין א שעהנער טאג היינט?

ס׳זעהט אויס אַ שעהנער, זשיפוני*) נוקים.

דער פישער האָט א וואָרף געטאָהן צום ברעג דעם עק נעוואד. די פויערים האָבען אנגעכאפּט די שטריק, אפּגעצויגען, און שפּאַנענדיג הינטערוויילעכטס געגראַבען די פיס אין דער ווייכער ברעג־ערד. נחום האָט זיך געלאָזט צום מיטן טייך — און צוריק צו אן אנדער זייט פון ברעג. דער נעוואד אין לאדקע האָט זיך אפּגעוויקעלט פון דער קופּע, אויסגעצויגען, און זיך אפּגעלעגט אויפ׳ן גלאַ־טען וואסער־וועג.

*) באַלעבאַס.

אויפ׳ן ברעג זיינען אנגעפאהרען פערד און וועגענער מיט ליידיגע קוישען: פיש־הענדלער פון די ארומיגע שטעטלעך. דאָנערשטאג היינט, קומט מען צו חיים־בער׳ן קויפען פיש אויף שבת. א לאנגער פר־ר־ר־ — און די אויגען, ווי ביי דאר־שטיגע אין דער מדבר, האָבען א פליה געטאן ארום דעם ברייטען טייך מיט פאר־צאפעלטער נייגעריגקייט. מיט׳ן טייך זיינען אָנגעקומען מאטעל מיט׳ן זיידען. דערזעהן די פישער, האָבען די אידען א שפרונג געטאן פון די פירלאך, און גענומען לויפען צום וואסער.

— גוט מארגען... גוט מאָרגען... גוט מארגען, רב חיים־בער ! !

די סוחרים האָבען זיך אוועקגעשטעלט מיט ערנסט־אנגעצויגענע בליקען, ווי שפיאנען פון א ווינקעל ארויס, קנייטשענדיג די שטערנס קעגען וואסער, און געוואלט טרעפען צי וועט דער טייך היינט „זאָגען ווערטער". האָבען זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו הערשעל׳ס ביטראַק. הערשעל איז ביי זיי א גרויסער חכם, א „דורכגעטריבענער", — בעזונדערס ביים טייך. שוין יאהרען לאנג אז ער „רייבט זיך" ארום טייך, און איז א גרויסער מבין אויף איהם. וואוינט דא אין נאָהענטען שטעדטעל, פון דאנען א ווערסט, און נישטאָ דער טאָג ער זאָל אהער ניט קומען. האָבען די פיש־הענדלער פאר איהם דרך־ארץ, און חנפ׳ענען איהם. א קליינינגקייט „הערשל?" ווער נאך האט אהער אזא צוטריט, ווי ער? ווער איז נאָך אזא „פאַני־בראַט" מיט די פישער ווי הערשל? וויפיעל מאל האט ער די פיש פון א גאנצען „שלעפ" פאר א זאק באָרשט — און מאכט דעמאָלט פאר די פישער אין די אויגען דאס אמת׳ע קערבעל מיט א פערטעלע ? . . . און אן איי־גענער ביי זיי — אלע טייך־סודות ווייסט ער . . .

— וואס זאגסטו, הערשל, וועלען היינט מאכען דעם „טרעפער" אונזערע באלעבאטים ? — פרעגט דער אלטער הענדלער שלמה קעך מיט א קוויטש פון א פאָפוגאי, און קוקט הערשלען אין מויל אריין.

הערשל קוקט מיט זיינע פרעהליכע, וואסער־בלויע אויגען, און וויצעלט זיך אויף זיין הויכען קול :

— דעם „טרעפער", ר׳ שלמה ? וואלטען אפשר געמאכט — ווען א י ה ר זייט ניטא.

— אוי, מזל, מזל, — רופט זיך אפ אן אנדערער, פארטרויעט אויפ׳ן טייך.

— הערט איהר, קינדער, — האָט זיך הערשל ווי אויפגעכאפּט, חכמה'ס— חכמה'ס: ס'ט שוין היינט זיין דער אמת'ער „שלעפּ“.

מ'איז געווארען ערנסט.

זעהט נאָר, זעהט נאָר מאטלען! — האָט א געשריי געטאהן מעכיל קירע.

מאָטעל איז געפאהרען מיט דער לאדקע ארום אויסגעשפּרייטען נעוואד. האָט אלע מאָל זיך אפּגעשטעלט און געקלאפּט איבער'ן וואסער מיט א לאנגען, גראָבען שטעקען, אז די פיש זאלען זיך אויפריהרען פון די בלאָטע־לעכער. אז דער נעוואד איז שוין געלעגען אינגאנצען איבערן וואסער, איז מאטעל געווארען אומגעלומפּערט־פלינק, ארומגעלאָפען מיט דער לאדקע מיט משוגענער ווילדקייט, און געהאקט מיט'ן שטעקען איבער די אויפגעלאָפענע כוואליעס, מיט אומגעדולדיגען אימפּעט פון א וויכער: „האפּ!... האָפּ!... דאָס הויך־ארויסגערוקטע העמד איבערן רוקען האט זיך ארומגעווארפען אן אנגעבלאָזענס ווי א קליינער, ווייסער זעגל, געפלאטערט אין ווינט גלייך מיט מאטלען, און געקלאפּט איהם ווי מיט אן אונטערשטופּענדיגער לאפּע פון א צופרעהלאכטען הוזק־מאכער: „דרעה זיך, ארבייט ווילדע מעשים!“ האט מאטעל זיך געדרעהט, משונה'דיג־אומגעלומפּערט געהויבען מיט די שוועבענדיגע האר־טשובעס, און די ענדלער אויפ'ן ברעג האָבען געקוקט מיט צעטומעלטער באוואונדערונג: „ס'איז אריין א שד אין מאָטלען? וואס האט ער זיך היינט עפּעס אזוי צוקאָכט?... און אזוי־אָ? האקט מיט'ן שטעקען איבער די כוואליעס ווי מיט אויפגעזעצטע פלאמען אין הארצען, און מיט אזא גראָב־ברומענדיגען „האָפּ־האָפּ“, אז ער הערט זיך דורך די הו־הא־קולות פון די פּויערים ביי די שטריק, און די בערג־עכאָס ענטפערען ווי אויף רונער־קראכען. וואס זאל דאס הייסען? איז מאטעל אין צארן, צי אין אזא יום־טוב'דיגער התלהבות?... דער זיידע חיים־בער זיצט מיט איהם אין לאדקע. קוקט ער אויפ'ן רויט־צופלאמטען פּנים פון'ם אייניקעל און ווי די אויגען זיינע גלאנצען מיט פרייד, זעהט די צעלאזענע גבורה, און קען איהם ניט פארשטעהן:

— דו, זיי ניט אזוי משוגע, וועסט צעברעכען דעם שטעקען!

נחום איז שוין איצט געשטאנען ביים ברעג. האָט ארומגעשפּאנט מיט דער ברייטער, מיטעלער פיגור א צערוישטער און מיט הויך־פארקאשערטע הויזען אין וואסער, געהאלפען די פּויערים ארויסשלעפּען דעם נעוואד, און געמונטערט מיט א צעהיצטער שטימע:

— נו, קינדער — ציהען, ציהען! ... לעבעדיגער! אלע מיט אמאל! ניט נאָכגיבען! ...

די גוים צעטיילט אין צוויי קאמפּאַניעס, האָבען געשפּאנט הינטערוויי־לעכטס, געצויגען די שטריק אזוי אנגעשטרענגט, אזש די פּלייצעס זיינען געלע־גען ביי דער ערד, און צוגעקומען נעהענטער, נעהענטער, איין גרופּע צו דער צווייטער. דער רעש האָט געגרילצט אין די אויערן, זיי אָנגעוואָרפען פול מיט וויברירענדיגע דראָטלעך. פּאהוואָס־עפּעס האט מען איצט געהאלטען אין איין ליארמען, געוואלדעווען מיט הנאה'דיגער אויפגעלעבטקייט, איינער דעם צוויי־טען געשטורכעט און אויפגעמונטערט צו ציהען דעם שטריק שטאַרקער — און ס'האָט טאקע אויסגעזעהן אז ס'ארבייט זיך מיט מעהר פלאם און חשק צוליעב דעם אויפגערעגטען מאַסען־געפילדער.

די צוויי פּארטיעס זיינען זיך צונויפגעקומען. די שטריק — הינטער די פּלייצעס צונויפגעוואָרפען. אט איז די נעץ. ס'באווייזען זיך פּישעל נאָך פּישעל, וואסערדיג־שיינענדיגע, מיט לוסט און טאַנץ און שפּרונג — וואָס אמאָל מעהר, און אלערליי מינים: דער טונקעלער, גראָב־בייכיגער באלעבאטי־שער קאָפּ, דעם טייך'ס פּארשייטער בן־יקיר — דער קארעס, דער זילבערנער פּלאָטיק, דער קיילעכדיגער קאסטריש מיט די שטעכיגע לוסקעס — און א גאַסט: דער העל־בלויער שלייען. די פּישער זיינען געווארען צוטראָגען און אויפ־גערעגט. זיינען געלאָפען פון איין זייט נעוואד צו דער צווייטער פרעהלאַך אונ־טערשפרינגענדיג, מיט צורודערטע פיבער־הענט, און נייגעריג נאָכגעקוקט וואָס „ס'פאלט". די סוחרים ביים ברעג האָבען אומגעדולדיג זיך ארומגעוואָרפען אהין־אהער, מיט לאנגע העלזער קעגען וואסער, ווי פרעהליכע מאלפּעס אויף די קייטען. חיים־בער און מאטעל זיינען געשטאנען אין וואסער ביי איין זייט פון נעץ, נחום — פון דער צווייטער, און הינטער זיי — לאָדקעס. האָבען ארויסגעכאפּט די פיש, און געוואָרפען הינטער זיך. דאס געפאנג האָט גע־טאַנצט מיט דער לוסט פון ברעקלעך קינדערלאך נאָך א געשמאַקער באָד, און די דערוואקסענע, די קארפּען, האבען געטומעלט מיט די מענשען, פּאטשענדיג איבער די לאדקע־ברעטער מיט די ברייטע עקען. די נעץ איז שוין באלד אינ־גאַנצען אויפ'ן ברעג. די פּויערים זיינען געווארען אומגעדולדיג, געצויגען פּעס־טער, פלינקער, און דער טומעל האט זיך פארגרעסערט. חיים־בער האט אנ־געהויבען בעטען ביי די ארבייטער: „ער בעט זיי — נאר אליין ניט נעמען....

זאל ער אזוי זיין געזונט, ווי ער וועט זיי גיבען... ער בעט זיי, גוטע מענשען...."
דאָ איז דער נעוואד שוין ארויסגעצויגען. די מיטעלסטע טייל ליגט אין בלאָטיגען, פלאַכען וואסערביים ברעג אנגעפילט מיט פיש, ווי א גרויסער, קיילעכדיגער בויך פון אן אויסטערלישער טייך־בריאה. די פויערים האָבען אפגעלאזט די שטריק און אריין אין וואסער. מ'האָט געברומט און אויפגעשריען מיט יום־טוב'דיגקייט און צערייצטען חשק. האָבען זיך אלע צונויפגעשפּארט ארום נעוואר־בויך מיט ציטעריגע יצר הרע־הענט: „אוי אַ פישעלע", און די גלוסט האָט אונטערגעשטופּט: „אַ כאַפּ מיט אמאל!..." האָבען זיך באהאלטענע הענט גערוקט אונטערן וואסער, ארויסגעריסען פונ'ם נעוואד דריבנע פישלאך, און גערוקט אין די בוזימס. מאָטעל האָט ווי גאָר ניט געזעהן. חיים־בער האָט באַמערקט מ'גנב'עט, האָט אַ צופּ געטאָן אונטער דער ברוסט א שלאנגיש פּיסקעל, און ער האָט ארויפגעשריען מיט וועה צו דער יבשה: העי, הערשל, וואו ביזטו? זעהסט ניט וואָס זיי טהוען!. . ." דער שנעל־ריהרעווודיגער הערשל האָט זיך צורודערט. וואָס טהוט מען? האָט ער אַראָפּגעוואָרפען די שיך, פארקאַטשעט די הויזען און גאַטיעס איבער די קניע, און אריינלויפענדיג אין וואסער, אָנגעהויבען צו שטופּען און צו ווארפען די פויערים־מאַסע מיט הויך־צוקאַטשעטע, אויפגעפלאַמטע צאָרן־קולות:

— אָה־אָה־אָה! גנ־בים, רויבער!. . . וואָס זייט איהר דאָ ארומגעפאלען ווי פליגען ארום א נבלה! ווי איז אייך קיין בושה ניט!. . . דו — — וואָס קריכסטו דאָרט? וואָס שלעפּסטו? האָסט עפּעס אריינגעלעגט!. . .

אז די פיש זיינען שוין געלעגען אין די לאָדקעס, האבען די גוי'אים ארומגערינגעלט חיים־בערן מיט איבערגעקערטע קעשענעס: „א פישעלע, זשיפּוני היים־בעיר — מיר, מיר. . . א קאסטריש אָפּצובראָטען — כ'בעט אייך. . . אָט לאָז זשיפּוני היים־בעיר זעהן די קעשענעס: זאָל ער פּגר'ן צי האָט ער אליין עפּעס אָנגערירט. . ." און חיים־בער האָט געטיילט.

— מ'ט זיי באַצאָהלען פארנאכט, — האָט ער צולעצט ארויסגעזאָגט.

די פויערים האָבען זיך צעשפּרייט, די לאָדקעס האָבען זיך געלאָזט צום שטיבעל. מיטן ברעג זיינען נאָכגעפּאָרען אויף די ליידיגע פירלאך די פיש־הענדלער.

צווישען די צעטראָטענע גראָזען, אויפן ברעג ביים שטיבעל, שטעהט אויף פיער שטיינער א וואָג. האָט מען אָנגעפילט די קוישען און אָפּגעוואויגען: קאַרפען באַזונדער, קאָרעסן באַזונדער, און צולעצט — דעם דרויב. נחום האָט פאַרשריבען די וואָג: פּאַסיקלאַך, רינגעלאַך און שטערענדלאַך. מאָטעל און די פּישהענדלער האָבען אָנגעוואָרפען פון די לאָדקעס אין די קוישען און געטראָגען צו דער וואָג, און חיים־בער האָט ארומגעשפּרונגען אַהין־אַהער א יום טוב׳דיגער, געריבען די אַלטע הענד פאַר פרייד, און געשמייכעלט מיט שיינענדיגע אויגען אויף דער מאסע פיש: „אַך, וואָס מיין ליעבער פריינד קען נאָך פון׳ם שפּע׳דיגען בויך אַרויספּלאָדיען". אז מאָטעל האָט דערזעהן מ׳דעקט שוין איין די ווענעלעך, האָט ער געכאַפּט זיין רעקעל, און אַריין צווישען טראָשטש ביים ברעג. דאָ האָט ער פון דער טיעף אַרויסגענומען א גרויסען קאַרפּ, וואָס ער האָט דאָ פריהער באַהאַלטען, אַרונטערגעלעגט אונטערן רעקעל און אַוועק צו דער שטאָל.

אָוונד. א שטילע, באַהאַלטענע כישוף־האַנט, האָט אין דער הויך ערגעץ א פּיהר געטאָן מיט א ברוינעם טוך — איז דער טאָג ניט געוואָרען. האָבען די שטימען פון לעבען זיך איבערגעהאַקט, אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד פאַרשטילטע אין אָוונד־רוה און אויסגעגאַנגען. דאָ, דאָרט, כאַפּט זיך נאָך אויף א קול, א קלאַנג, ווי אַן עכאָ אין דער טיפער וויסט און פאַרלירט זיך אין דער אויסגעשפּרייטער טונקעל. שטיל אַרום. די פישער זיינען געשטאַנען מיט די פּנימ׳ער צום מערב און געקוקט צום הימעל־ברעג: רויטע, צעשפּריצטע פּאַסען האָבען זיך אויסגעלעגט אויפן הימעל־ראַנד, ווי אָפּגעריסענע פלאַמען פון געפערליכע וואַלדפייערן, וואָס זיינען געבליבען הענגען אויבען, און די זון, ווי א רויטע טאַץ, לאָזט זיך פּאַמעלאַך אַראָפּ הינטער די בערג אויף נאַכט־רוה, לעשט אויס די בלוטיגע פּאַסען, באַוואַרפט די בערג און טייך מיט ווייכע שאָטענס, ווי ביינאַכט די מאַמע מיטן וואַטאַל איבער די קינדערס פּנימ׳ער, און דער אַרומיגער נעבעל שפּרייט זיך אַרום איהר, ווי א דורכזיכטיגער רויך. נאָכדעם האָבען די פישער געהערט ווי א פּישעל האָט זיך אין וואַסער א וואָרף געטאָן, א באַהאַלטענער רוקט זיך מיט סודות צווישען די אַרומיגע בוימער, די גראָזען האָבען אויפגערוישט מיט א שטיל סווישטשענדיגען קלאַנג און באַלד זיך צוריקגעלעגט צו דער ערד, און אויף יענער זייט באַרג האָט אַ פאַרשפּעטיגטער פּאַסטוך די שאָף אַהיים געטריבען, און מיט אַ האַלץ־פּייפעל דעם פעלד זיינע אָוונטיגע האַרץ־ביינקענישען אויסדערצעהלט. האָבען די טייך־באַלעבאַטים דערפילט א נאָגענדיגען אומעט, אָנגעהויבען שעפּטשען אין האַרצען א תפילה צו דער טיעפער,

הייליגער שטילקייט, צו דער באַהאַלטענער האַנט, וואָס רירט אויף די שפּיצען בוימער, די גראָזען, די טייך־כוואַליעס, צו דער סודות'דיגער אָווענט־טונקעל, און אָהן ווערטער אריין אין שטיבעל.

מאָטעל האָט זיך פריהער פאַר'גנב'עט, אוועק ערגעץ מיטן פערד.

אָה, ווי מאָטעל יאָגט זיך מיט'ן וועג אַרום טייך! האקט מיט די באַשטיוועלטע פיס אין פערד'ס בויך אריין, וואַרפט זיך און בויגט זיך מיט'ן פּנים צום פערד'ס קאָפּ מיט אַ פיינליכען אומגעדולד ווי זיך אוועקצורייסען פאָראויס אין אַ לופט־צוג, און די אויגען שפּריצען מיט פונקען: וואָס איז היינט אַזוי לאַנג דער וועג? ! . . . אַלע מאָל ווערט דער קאַשטאַן משוגע, שטעלט זיך אָפּ אויף די הינטערשטע פיס, און רייסט זיך אויף די זייטיגע גראָזיגע בערגלאַך — אַ נמאס פערד! . . . נו! . . . גיכער! . . . וואָס טוען זיי איצט אין שטיבעל? מ'קען וויסען? — אפשר קלערט „זי" איצט פון איהם? אנו, פון ווען אָן האָט ער זי ניט געזעהן, דאָס מיידעל? . . . אָ, ערשט נעכטען זיך באַקענט צום ערשטען מאָל! ס'האָט זיך איהם אויסגעוויזען אַז ער קען זי שוין פון ווייסיך ווען. . . אַ גאַנצען טאָג איז זי געשטאַנען קעגען איהם מיט די תמימות'דיגע, גרויסע אויגען, און דאָס ברוינע פּנים האָט זיך שעמעוודיג געבעטען: „נו, ער איז שוין פאַרטיג? . . ." „באַלד, באַלד, טייערינקע, — אַ מינוט . . ." אה, ווי שווער ס'איז געפאַלען די אַרבייט, — און די פרייד האָט געשטראָמט ווי אַ זיסער, וואַרעמער קוואַל: זי האָט דאָך נעכטען גערעדט צו איהם אַזוי ווייך — מיט די פרעגענדיגע אויגען. לאָז ער זיך נאָר דערמאָהנען: וואָס האָט זי איהם געפרעגט? — יאַ, צי ער וועט ווידער קומען. „וואָס דען, ניין? . . . אוי, ס'אַ נאַריש קינד! . . ." ווי זשע האָט ער געהאַט געדולד אַזאַ לאַנגען טאָג אויפ'ן טייך? . . . וויאָ! וויאָ! —! גי־כער! . . . אַ לויב צו אייך, פרייע וועגען!

אָט איז דאָס שטיבעל.

איז אַראָפּגעשפּרונגען פון'ם פערד אַ פאַרשוויצטער, און אומגעדולדיגער —און ס'איז ניט געווען קיין מוט צו עפענען די טיר. האָט ער אַרויסגענומען פון דער טרייסטערע*) אויף די פּלייצעס דעם גרויסען קאַרפּ, און זיך געערגערט: „הכלל, וואָס טוט מען? . . ." ער איז אריין ווי אַ ווינט.

*) אַ לייוועטענע טאָרבע.

— גוט נאָוועגט !

— זעה נאָר, דעם טייך־באַלעבאָס !

מאָטעל איז געשטאַנען ביי דער שוועל, געמוטשעט דעם קאפּ, און גע־זוכט נאָך ווערטער. דער קאַרפּ אין דער רעכטער האנט שלאָגט זיך מיט'ן עק אין דער לופטען, צעשפּרייט א רייצענדיג־פרישען פיש־ריח — און ער שטעהט ווי אן אויסגעהאקטע שטיין־פיגור, האלט דעם קאַרפּ מיט די פינגער אונטערן רויטען אויער — און שטום. די צעטראָגענע אויגען זעהען דאָס מיידעל האלב אָנגעשפּארט אויפ'ן דיוואן, מיט די פיס אַראפּ צום דיל — און אויפ'ן מויל העגגט א שלאָס. זי קוקט איהם אָן. וואָס זאָגט מען? — טראַכט מאָטעל.

— איר'ט געשלעפּט היינט דעם נעוואד ? — האָט געפרעגט די באלעבאסטע.

— יא, איהר זעהט ? אָט האָט איהר א סימן.

ער האט אויפגעהויבען דעם קאַרפּ פאר דער שוואכער שיין פונ'ם קע־ראָסין־לעמפּעל אויף דער וואַנט. דער פיש האָט א צוואווילדעוועטער אויפגעגלאנצט אין דער האלב־טונקעל, און איז אראָפּגעפאלען. אלע האָבען זיך אויפגעמונ־טערט. דער באַלעבאס האָט געוואָרפען א חוזק־וואָרט. מאָטעל האָט פלינק א הויב געטאָן דעם קאַרפּ, א צערויטעלטער זיך צולאכט מיט יאשטשערקעס, און אין טומעל געקומען צו זיך. האָט דערלאַנגט דעם פיש דער באלעבאסטע מיט א פּראָסטען קאָפּ־שאקעל :

— עסט געזונטערהייט.

די באַלעבאסטע האָט געפרעגט :

— אפשר ווילען זיי זיך אפּוואשען ? לאה'לע, געה גיס זיי אויף.

מאָטעל איז געשטאַנען אין קעמערל הינטער דער טיר צום דרויסען, געהאַלטען די פרעהלאכע הענט איבער'ן עמער, און דאָס מיידעל האָט אויפגע־גאָסען.

— לאה'לע רופט מען אייך ? . . . כ'דאנק אייך, לאה'לע.

— אפשר וועט איהר עפּעס עסען ? — האָט נאָכדעם געזאָגט די ווירטין.

— מאָטעל הייסט ער . . . יא, אז ס'דאָ וועט ער עסען . . .

איציק־שלמה׳לע האָט אַ שטיק צייט געקוקט אויפ׳ן גאַסט ערנסט, שטרענג, איהם באַטראַכט מיט חשד־אויגען פון אונטער זיינע געדיכט־פּאַרוואַקסענע, שוואַרצע ברעמען, און געשוויגען ווי מיט אַ גרויסען סוד אין זיך. שפּעטער איז ער געוואָרען ווייכער, און גערעדט אַ פּאָר ווערטער. אין מיטען פון מאָטעל׳ס מאָלצייט האָט ער זיך פּלוצים צוריקגעצויגען, און איז אַוועק שלאָפען אָהן אַ „גוטע נאַכט".

איז ש׳ין מאָטעל געזעסען ביז שפּעט ביינאַכט. האָט געקוועלט מיט אַן אויפגעגלאַנצטען נחת־פּנים, ניט געקענט איינזיצען, און געצויגען אין האַרצען אריין דעם זאַפט־יח פונם פריש־געזונטען פעלד־מיידעל. מוטער און טאָכטער האָבען געקוקט אויפ׳ן צופלאַמטען פישער־יונג, געשעפּט פון זיין אויפגעשטראָמ־טען ווערטער־קוואַל אָהן אַ שיעור חריפות׳ן, און דער יונג—ער רעדט און רעדט. ווי קען ער אויפהערען? „זי" האָט דאָך איהם פריהער עפּעס איבערגעפרעגט . . . האָט שוין עטליכע מאָל אויסגעזעצט אַ געלעכטער פון זיינע ווערטלאַך — איבערגעהאַקט אַ דערשראַקענע און זיך אומגעקוקט צום צימער וואו דער טאַטע איז אריין . . . ער קען זיך ניט אָפּשטעלען: ס׳געהן אויף די ווערטער, ווי אָנזאָגען אויף גאָלדענע טעג און זי קוקט גלייך אין מויל אריין. וואָס אמאָל איז זי היימישער און נעהענטער, די פרומע טויב . . . האָט מאָטעל אלע מאָל שיער ניט אומגעוואָרפען דאָס הילצערנע בענקעלע אונטער זיך, אויסגעמאָלט מיט די אומרוהיגע, צעקראַפּעטע פישער־הענט לאַנגע רייהען בילדער און געשעהעני־שען, און נאָכגעקוקט אז די דורכנעמענדיגע אויגען זאָלען פון איהם ניט אראָפּ — און קוועלען. ס׳האָט זיך צעקאָכט אַ טייכעל, און אומרוהיג זיך געריסען פון די צוימען מיט צאַפּעלדיגער בענקשאַפט צו אַ פרייען טרוימען־לאַנד: „ליבע וועלט, — אָך, ווען איך דערגרייך דאָס מיידעל! . . ."טיפע נאַכט. שא, רוה ארום. אַ קענגען זיצט דאָס געזונטע, פרומע נאַטור־קינד. האָט דער יונג די מוטער פאַרלאָ־רען. קוקט נאָר מיט ד׳י רויט־צעקאַכטע אויגען צו דער ליבער אַנטקעגען, דער־צעהלט איהר מעשה׳ס, ווי אין חלום, און בענקט נאָך אַ לייכטען ריהר איבער דער הויט פון דער בלום.

קאפיטעל ה.

# די פישער ווערען געוואויר.

די לעצטע טעג האָט נחום דערשמעקט, אז מ'גנב'עט נאכט נאָך נאכט פון די יעטרעס. *) אזוי אָפט שוין ? אלע אינדערפריה, פאָהרענדיג מיט הערשל כיטראק אויסטרעסען פון זיינעט וועגען די יעטרעס, טרעפט ער א חורבן : דאָ די שטעקענס ארויסגעשלעפּט, דאָ לעבער אין די נעצען, א פּאָר יעטרעס פעהלען, און אין אנדערע — הוילע וואסער. גאר אָהן רחמנות ! האָט נחום דעם טאטען גאָרניט געזאָגט (אז יענער ערגערט זיך אזוי איבער די גנבה'ס !) און האָט אָנגעהויבען לאקערן אין די ביינאכטען.

האלבע נאכט. נחום באהאלט זיך העט־ווייט, ביים ברעג פון גראזיגען אינזעל וואו די טייך־ברייטקייט קומט זיך צונויף, האקט זיך איבער, און געהט אוועק פון יענער זייט אין שמאָלע וואסער־סטעזשקעס. ליגט נחום מיטן איינגענורעטען לייב צווישען טיפע גראזען, און לויערט. איצט וועט ער נעמען נקמה ! וועט טאָן ווי דער טאטע הייסט — שיסען ! זאָל עס זיין ער, איינער אליין ?. . . וועט שוין פארזאָגען א צעהנטען ניט צו קריכען אהער. ער קומט. . .

פון וווייטען האָט זיך געגליטשט א שיפעל. איין מענש. שטיל — און שנעל. נחום האָט זיך אויסגעצויגען אין גראז, צוגעהאלטען די ביקס, און ארויסגעהויבען א שטיקעל פּנים מיט שפּיז־אויגען. דער הימעל האָט זיך געשפּרייט איבער'ן קאָפּ ווי א טונקעלע איבערדעק — און דער פישער האָט ליכטיגע אויגען ביינאכט : אָט פאָהרט יענער אויף דער זייט, הארט ביים קאמיש . . . אָט קוקט ער זיך ארום. . . איז שוין נאָהענט. . . פאָהרט פּאוואָליע. . . האָט זיך אראָפּגעבויגען אין לאדקע, ווי א שווייגענדיגער שאטען — און רוקט זיך נעהענטער.

הו־הו־הו־! — איז אויפגעשפּרונגען דער פישער. האט אויסגעשאָסען אין דער לופט, און מיט רויט־אויפגעלאָפענע אויגען שטעהן־געבליבען, ווי א הויכער געהילץ־שטיק.

*) נעצען וואס מ'שטעלט אריין אין טייך.

דער צוגעקומענער האט זיך פונ'ם שאָס ווילד אויפגעטרייסעלט, ניט אויפגעשריען, נאר צוטומעלט און טראגיש־איינגעהאלטען זיך א קעהר געטאָן צוריקוועגס צו יענער זייט ברעג. האָט אוועקגעיאָגט מיט רחמנות'דיגע הענט־באוועגונגען, געראָדערט די לאדקע ווילד ביז צום איבערקעהרען, און דער לאנ־גער קערפער האָט זיך ארומגעוואָרפען ווי אויף ספרוזשינעס. נחום האָט דער־קענט איציק־שלמה'לען. ביז ער האָט געכאפּט די לאדקע און נאך, איז יענער שוין געווען ווייט. איציק־שלמה'לע איז אראפּגעשפּרונגען פון דער לאדקע, און אוועקגעלאָפען בארג־ארויף צו זיין שטיבעל.

נחום איז צוגעקומען צום ברעג:

— וואס איז דאס, — זיין לאדקע? ווי קומט זי אהער? האָט אָפּ־געטשעפּעט ביי זיין זייט זיין לאדקע, און געפאָהרען גנב'ענען?... אָה, ס'איז שוין צופיעל!...

האָט צונויפגעבונדען די שיפלעך און אוועק אהיים.

נחום האָט זיך צורעדט מיט יוירענדיגע וועהטאָגען. האָט דערצעהלט דעם טאטען די טייך־געשעהעניש. דער אלטער, וואס האט זיך אויפגעכאפּט נאך פון נחום'ס שאָס, איז געזעסען אויפ'ן דיוואניקעל מיט די נאכהענגענדיגע העמד־ארבעל אויף די קני, און טרויעריג צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. פּלוצים האָט ער זיך א הויב געטאָן, און אויפשויז ערענדיג מיט א קרייד־ווייסען, אָנגעאָדער־טען פּנים און ווילד־ארויסגעזעצטע אויגען, האָט ער אויסגעשטעלט צוויי פיינ־ליך־פרעגענדיגע הענט:

— פארוואס־זשע האָסטו איהם ניט דערשאסען, דו ווייבע פאטלעזשא־נע?! וואס ווילסטו פון מיין לעבען, וואס?!

— אז איך קען ניט, טאטע...

— שווייג, דו מזיק!!...

חיים־בער האָט א לויף־געטאָן מיט צאָרנדיג־פארקוועטשטע פויסטען, און זיי אויפגעהויבען איבער'ן זוהנ'ס אָנגעבויגענע פּלייצעס:

— א־אויס־וואורף!...

די משפּחה אויף די געלעגערס האָט זיך אויפגעריהרט. ביילע, נחום'ס ווייב, איז שטעהן געבליבען ביי איהר געלעגער — א לאנגע, ווייסע פיגור אין דער טונקעל, געקריוודעט און גיפטיג־אויפגערעגט:

— שווער, וואס ווילט איהר פון איהם, וואס? וואס האט איהר זיך צוגעטשעפּעט ווי א קליפּה? נאר איהר מוטשעט איהם!...

נחום׳ס מיידעל, צירעל, האָט ארייגעבורטשעט פונ׳ם צווייטען צימער:

— וואס איז, דער טאטע איז עפּעס א פּיצעלע אינגעלע, וואס דער זיידע הויבט אויף איהם די האנט?

שטיל. מ׳איז ווי ארייז אין טיעפע, פינסטערע הייל־לעכער, פארגראבען אין א מרה־שחורה.

דער שלאָף האָט זיך שוין צום לייב ניט געקלעפּט. ס׳איז די נאכט געשטאַנען, געפילט מיט א פּארנע־שטיקענדיגען נעפּעל, ארויפגעלייגט די גע־דיכטקייט אויף די אויפגערודערטע וועה־הערצער, און אונטער די צימעריגע ברוס־טען האבען לאנגע פינגער־שפּיצען געריסען, דערמאהנט בייזע שעה׳ן, און אָנ־געזאָגט אַז ס׳קומען שווערע טעג. אומרוהיגע פישער־אויגען האָבען זיך ארומ־געדראפּעט אויף דער סטעליע: ס׳האָט זיך איבערגעטראַכט וועגען דער לאדקע וואָס נחום האָט געפונען פון יענער זייט, וועגען דעם שונא וואָס איז געקומען נעהמען נקמה ווען מ׳איז שוין עלטער, וועגען דעם איבערגעגעבענעם מאטלען, וואָס איז די לעצטע צייט געוואָרען אַזוי נאַכלעסיג־פויל, געהט אַרום פאַר׳חלום׳ט און אין די ביינאַכטען ווערט ער פאַרלוירען — און דאָס זוכען פון די צרות אַן אויסוועג האָט די מוחות שוין גאָר צומישט.

ס׳איז שלעכט, — האָט זיך געפּייניגט נחום.

און דער איינגעוואקסענער חיים־בער האָט זיך אויסגעפּרעסען לעבער אין הארץ:

— אוים! ער דערגעהט שוין צופיעל די יאהרען, דער ממזר! — מיין טויט אדער זיין טויט!...

טיעפע נאַכט־שעה׳ן. מאטעל איז אראָפּ צום ברעג אהיים צו פאָהרען —און נישטאָ די לאדקע. האָט ער זיך אומגעקעהרט צו לאה׳לען.

— ער ווייסט ניט ווער ס׳זאל האבען אוועקגענומען זיין לאדקע.

— די לאדקע אוועקגענומען?!

וואס־זשע האט זיך לאה׳לע אזוי דערשראָקען? מסתם דער ווינט פאר־טאסקעט ערגעץ...

זיינען געשטאַנען אין דרויסען ביי דער טיר, און געשוויגען. האבען שטיל איינגעהאלטען דאס צאפּלען זיך: ס׳וועט באלד עפּעס געשעהן. מאָטעל האט איהר דורשטיג־בעטענדיג אריינגעקוקט אין די אויגען. א טרוים אין א טרוים. ער האט אויפגעהויבען איהר פּוכקע האנט.

— לאה׳לע, וועסט מיך אונטערפיהרען?

— איצט־אָ? זי האט מורא ער זאָל געהן איבער די בערג און ריפּעס אין אזא פינסטערניש, — מא־טעל...

— אוי ביסטו א נארישע מויד...

און ער האָט אויפגעהויבען די הענט צו די פלאמען אויף איהרע באקען.

לאה׳לע האָט אָנגעבויגען דעם מיידעל־קאָפּ, און ווייך־שעמעוודיג זיך נאכגעגעבען אויף זיינע פּלייצעס. ער האָט זי אומגעדולדיג אריינגעכאפּט אין זיינע אָרעמס, און אויף איהרע געזונטע ליפּען איז געפאלען דער ערשטער ליעבע־קוש.

— אָ־־, טייערינקע...

ער איז אוועק.

בלויער טאָג־אויפקום. די אָנגעוואָרפענע בערג ארום טייך, ווי ריעזיג־אומגעלומפּערטע, שווארצע פעלד־געצעלטען, האבען שוין אָנגעהויבען רויכערען, לאזענדיג א פּארע פון זייערע געדיכט־אנגעלאָדענע, ווארעמע ערד־קערפּער. אויף די פרייע פעלד־וועגען האָט זיך דער נעפּעל געריסען אין שטיקער, זיך אראָפּגעלאָזט צו דער ערד, און זיך צושפּרייט פון אן אָנגעלאָפּען מאָרגען־ווינ־טעל, צווישען נידעריגע בושעס און גראזען, ווי א צובלאָזענער רויך. די בוימער זענען געשטאַנען אונטער׳ן פאלענדיגען טוי, ווי באדעקט מיט פרישע, פייכטע ליעבע־קושען, שטיל און פאר׳חלום׳ט ווי אין בענקעניש, און אונטען, ביי א צווייגען־ברעג, האָט א בלעטעל א טראָפּען טוי פון זיך אראָפּגעשאָקעלט: „א גרוס דיר, מאמע ערד, פון די הויכע, גוטע הימלען.” הענער האבען אויפגע־שריען אין דער שטומער פּוסטקייט זייערע ערשטע מאָרגען־גרוסען צו דער וועלט, מיט לאנגע, צעצויגענע טענער, און יעדער איינער באזונדער, אז די ערד זאָל קלאָהר דערהערען דעם „שטעה־אויף”־רוף און אויפוואכען — און זיך אויסגעמישט מיט א סקריפּען פון אויפגעעפענטע טויערען, א סווישטש פון א

לאנגער בייטש אויפ'ן פרייען וועג, און א הויך־אויפגעזונגענע, אומעטיגע שטי־מע פון א שייגעץ, וואס איז ארויסגעפאָהרען פון א הויף אין פעלד אריין. חיים־בער פישער האָט ארומגעשפּאנט מיט די הויזען און א לייווענטענעם העמד און א באָרוועסער אין דער דינער האלב־טונקעל ביים ברעג, זיך געקראַצט אין קאָפּ, אין דער לאנגער, צושויבערטער באָרד, און די אויערען האָבען זיך צוגעהערט צום טייך. נאכדעם האט ער זיך גענומען פּאָרקען מיט א ניי בינטעל שטריקלעך.

מיט'ן וועג צום אויבערשטען בערגעל איז אנגעקומען מאטעל, ווי א קאַץ אויף די פינגער־שפּיצען. דער אלטער האט איהם דערשמעקט, ווי דער ערפּאה־רענער יעגער־הונט די האָז.

— דו, קום נאר אהער, — וואו האָסטו זיך ארומגעשלאָיעט אין דר'ערד א גאנצע נאכט?

— וואו־? אין ערגעץ ניט, זיידע. אזוי . . . ארומגעגאנגען . . .

— ארומגעגאנגען? געהן זאָלסטו אין דר'ערד אריין, דו נמאס'ער כלב!... און דאס וואס מ'גנב'עט אָרט דיך ניט?

— וואס בין איך שולדיג! — האָט זיך מאטעל צעקוויינקעלט. דאַרפסט מיך? — אָט בין איך!

— אוי, א רוח אין דיינע ביינער! — האָט אויפגעזאָטען חיים־בער. דו רעדסט נאך, דו יונגאטש!... און זיך געלאָזט צו מאטלען. נחום איז ארוים פון שטיבעל, און דער פאטער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטען וועג. נחום האָט געזעהן דאס יסורים'דיג־אָנגעכמורעטע פּנים פונ'ם טאטען, געוואלט פּארטיידיגען דעם זוהן, ניט געפונען דאָס ערשטע פּאַרענטפער־וואָרט, און זיך א רוגז געטאָן:

— נו געה שוין, געה, געטרייער זוהן מיינער.

ס'איז אָנגעקומען הערשעל כיטראק מיט איינעם א טרעגער. דער גוטער נחום האט זיך גאר מחיה געווען דערזעהענדיג איצט דעם קלוגען פריינט און עצה־געבער: „אָ, הערשעל? טאקע גוט וואס ער איז געקומען". מיט'ן ער־שטען ריהר פונ'ם פישער־שיפעל אויפ'ן טייך, פאָהרענדיג מיט הערשל'ען צו די נעצען, האָט נחום זיך שוין ניט איינגעהאלטען.

— הערסטו, הערשל? אונז איז שלעכט.

— וואָ־ס? וואס איז שוין נייעס?

— אזוי... דער טאטע און איך זענען שוין ניט קיין יונגע מענשען... נו, האָ'מיר געטראכט: סט'זיין א גוטער יורש, וועט אלץ זיין ווי אמאָל. ס'איז אבער ניט אזוי, מיין טייערער: שונאים ווערען געפעהרליך, אז ביסט קוים זיכער מיט'ן לעבען, אליין הויבט מען אָן זיך איינבויגען — איידער־עפּעס גיט מען דיך א רוף, און מאָטעל גיט אפילו ניט א קוק אויפן טייך די לעצטע צייט. שלעכט, ברודער . . .

— נו, דארף מען זיין אזוי פארטרויערט, רב נחום? וואס וועט איהר מאכען מיט יסורים? מ'דארף בעסער מיט מאטלען איבעררעדען — מיט גוטען.

— מיט גוטען זאָגסטו? דער טאַטע, ליבער הערשל, האָט דאָך שוין גע־זויינט פאר איהם ווי א פיצעל קינד: אזא פארדרוס! א יונגער מענש — וואלט ער געהיט, וואלט דער שונא דאָ ניט ארומגעלאָפען פראנק און פריי . . . און ווער ווייסט וואס ער קען נאָך טאָן . . . איז וואס, מיינסטו, ארויסגעקומען פונ'ם טאַ־טענ'ס שרייען און וויינען? — גאָרנישט! א פּאָר טעג געבליבען אין דערהיים, ארומגעשאַלאַפּאַיעוועט אויפ'ן בערגעל און געווארטשעט אין די גראזען אריין ווי א הונט, אז מ'האָט ניט פארשטאַנען א ווארט, און נאָכדעם אוועק — און שוין אנגעהויבען פארפאלען ווערען אויף גאנצע נעכט . . .

דאָ האָט ער הערשלען דערצעהלט די געשיכטע פון דער פארגאנגענער נאכט.

מ'איז צוגעקומען צו די נעצען מיט פארשטיקטע העלזער. הערשל האָט געשוויגען, אנגעקוקט דעם דערשלאָגענעם נחום'ן מיט טיפזיניג־פארקלערטע אויגען, און ניט איינגעזעסען. נחום האָט מיט'ן גרויסען געשטריקטען לעפעל ארויסגעצויגען פון די יעטרעם דריבנע פיש, אנגעווארפען א האלבען קויש, און פארקירעוועט צוריק.

— ר' נחום, — האָט הערשל ציטעריג־שטיל אָנגעהויבען. איהר ווייסט וואָס כ'האָב געהערט? מ'שמועסט יאקבי אז מאטעל שלעפּט זיך ארום מיט א מיידעל — פון דאָרט־א, אויפ'ן בארג.

נחום האָט נאָכגעקוקט נאָכ'ן פינגער „דאָרט־אָ“, און אָנהויבענדיג זיך וואקלען פון צעמישטקייט, האָט ער שיער אַרויסגעלאָזט דעם רודער־שטעקען.

— אזוי — — ? . . . איצט וויים איך שוין ! . . .

קעגען פישער'ס אויגען איז געשטאַנען די סצענע פון לעצטער נאַכט. ס'האָט א קלאפּ געטאָן אין הארצען א האַמער, מיט אן עכא־אויפגערויש : „איצט זיינען זיי פארלאָרען !" די הענט האָבען זיך אָפּגעלאָזט ווי ביי דעם פּלוצים־קראַנק געוואָרענעם. די לאָדקע האָט געהאַלטען ביים שטעהן בלייבען, און הינטער דער לאדקע האָט זיך וויגענדיג נאָכגעשלעפּט א שטעקען אין וואסער, וואס א בייזער לץ האָט דאָ אָנגעטשעפּעט. דער ביינאַכט־אומרוה האָט זיך ווידער אויפ־געהויבען, און נחום האָט זיך פארטראַכט אויף יענער זייט וועלט, מיט וועהטאָג־דיגע פארדרוסען : אזוי . . . הייסט עס, אז אוועקגעשטעלט דאָרט די לאדקע — האָט מאטעל . . . א פּנים ניט די ערשטע נאַכט . . . אלע נאַכט ווען ער ווערט פארפאלען איז ער דאָרט . . . און אז ער שטעלט אוועק די לאדקע, נעמט זי דער בייסטרוק, און פאהרט מיט איהר גנב'ענען פיש, און אָנטאָן שאדען . . .

— מיין מאָטעל שלעפּט זיך ארום מיט איציק־שלמה'לעס מיידעל, הא, הערשל ?

— רב נחום, פארוואס זאָלט איהר זיך אויפרעגען ? . . .

צוגעקומען צום ברעג. חיים־בער איז אראפּ צום שיפעל, זיך אָנגעבויגען צום קויש פיש, און די האריג־אנגעוואקסענע נאָז האָט א שנארכע געטאָן : „דאָס איינגאַנצען?" מ'האָט אָפּגעוואויגען. הערשל האָט באַצאָהלט, אָנגענומען דעם קיילעכדיגען קויש ביי אַן אויער, אַ וואונק געטאָן צום טרעגער, און האָבען גענומען שפּאַנען מיט די פיש אין שטאָדט אריין.

איצט האָט נחום איבערגע'סוד'עט הערשל'ס סוד דעם טאַטען.

חיים־בער איז אויפגעשפּרונגען מיט צעמישטע, אויפגעריסענע אויגען, ווי דער הונט פון אַ פּלוצימדיגען מערדער־האַק, און ס'האָט געפּלאַצט אַ זיד־קעסעל, מיט גיפטיג־בריהענדיגע שטראָמען : „וואָס רעדט ער, נחום ?. . . גע־וואַלד, איך האַלט עס ניט אויס! . . ." ער האָט געכאַפּט אַ שיפעל, אוועק אויף יענער זייט ברעג, און אָנגעשפּאַרט מיט דער ברוסט אויפן שטעקען, נאָכגעשפּיאָ־נירט מיט טיעף־צילענדיגע, האַלב־פארקוועטשטע יסורים־אויגען : „איצט וועט ער אַלץ דערגעהן. . . אָבער איציק־שלמה'לע קען איהם נאָך באַמערקען און אראָפּ־קומען. . . ס'טהוט איהם באַנג וואָס ער האָט ניט מיטגענומען די ביקס. . ." פון'ם נידעריגען באַרג־הייזעל איז פלינק און מיט א שטאָלצען גאַנג אַרויס א פרוי מיט

א קאראַמיסל׳ע אויף אַן אַקסעל, מיט הענגענדיגע עמער פון אויבען — דאָס מיידעל, אַפּנים. איבערגעבויגען איבער דער פריזבע שטעהט א דיקע פרוי מיט א ווייס אונטערהעמד, דאָס קליידעל פארשטעקט אין גארטעל. זי וואַשט. אָט גיסט זי אויס די קויטיגע וואסער באַרג אַראָפּ, בלייבט שטעהן מיט דער אַראָפּ־געלאָזענער וואַש־שיסעל און קוקט צו דער זייט, וואו דאָס מיידעל איז פאר־שוואונדען. יענע האָט זיך דערנעהענטערט מיט די עמער וואסער. די פרוי האָט זיי אויסגעליידיגט, זיך אַרומגעקוקט אויפן ווייסען טאָג, ווי די זון האָט זיך שוין אויפגעהויבען, אַריין אין הייזעל, און אַרויסקומענדיג, איבערגעגעבען עפּעס דעם מיידעל אין די הענט אַריין. יענע האָט אַוועקגעשפּאַנט אין א זייט, באַרג אַראָפּ, וואו ס׳האָבען נעארבייט דעם פּריץ׳ס פּויערים, און האָט זיך אָפּגעשטעלט לע־בען איינעם פון זיי.

חיים־בער האָט דערקענט איציק־שלמה׳לען. ער האָט זיך אויפגערייצט, זיך א ציה געטאָן אַן אויסגעוואקסענער, און ס׳האָט זיך אויפגעהויבען א פאָכענדי־גער פויסט מיט גיפטיגער ווארנונג.

— דו, באָסיאַק! קום אהער, איכ׳ל דיר ווייזען!. . .

איציק־שלמה׳לע האָט דערזעהן דעם סטראַשענדיגען אַלטען, זיך א וויג גע־טאָן מיט זשום ווי א הויכער צעטרייסעלטער בוים, און ס׳האָט זיך איהם פאר־גלופּט אביסעל שמחה פון רייצען זיך. האָט ער איבערגעלאָזט דאָס פעלד, און אַראָפּ אין טאָל. האָט זיך אָפּגעשטעלט פונווייטענס נעגען פישער.

— הע־־י, אַלטער תרח, האָסט עפּעס געוואָלט זאָגען?. . .

— דו, איציק־שלמה׳לע ממזר, ס׳ט א רוח אין דיין טאַטען!. . . מיינסט וועסט גנב׳ענען פּיש, און מ׳ט דיר שווייגען? ס׳ט דיר אויספּאַלען באָקאָס, דו אויסוואורף!. . . און ווילסט שוין מיין מאָטלען אויך אַוועקנעמען?. . . א מכה!. . .

— מ׳הערט דיך ווי דעם קאָטער, חיים־בעריקעל חזיר! מיינסט ס׳אַמאָ־ליגע יאָהרן? מיינסט כ׳האָב מורא פאַר דיר? כ׳ל דיר ווייזן, דו נמאס׳ער מסור!..

ער וועט מיר ווייזען, — האָט זיך חיים־בער צולאַכט מיט יאַשטשערקעס.
— כ׳ל דיך פאַרטרייבען פון דאַנען ווי א משוגענעם הונט! דיין פּוס וועט דאָ ניט זיין! זאָג נאָר, דו, פאַר וואָס פאַר א טאַטען נעמסטו זיך אָן? ביזט דאָך פון א גוי, דו בייסטרוק!. . .

— אוי א רוח דיר אין טאטען, דו אלטע נבלה ! — האט איציק־שלמה'לע גענומען ווארפען דעם קאָפּ מיט כעס, און אראָפּ מיט אויפגעלאָפּענע אויגען צום ברעג. — ווענזען זידעלסטו ?

— ווילסט זיך אפשר שלאגען, דו היצעל ? גוט־גוט, קום אהער נעהענ־טער, — האט חיים־בער זיך געריסען מיט וועהטאגען. קום אהער, ווע'מיר זעהען . . .

און אז איציק־שלמה'לע איז צו צו דער לאדקע, האט דער אלטער דערזען זיין וואנזין־כעס, זיך דערמאנט אַז קיין ביקס האָט ער ניט; און פלינק זיך אפּרוקענדיג פון ברעג, אויסגעצויגען צום שונא דעם לאנגען רודער־שטעקען, מיט חיה'שע ציינער אונטער דער ברוסט.

— נא, כאַפּ אָן, איציק־שלמה'לע ממזר . . . נא, אָט־אָט . . . א גוטע קרענק. . . ווארט אויס, דו גנב, ס'ט נאָך ליגען ביי מיר אין טייך א דער־טרונקענער ! . . .

— 'סט עס נישט דערלעבען.



קאפיטעל ו.

# ביים שונא אין די הענט.

הערבסט. ביים טייך האָבען די מענשען אָנגעהויבען שטילער ווערען. ביינאכט האט עמיצער געקלאפט אין טיר, צעטרייסעלט די שויבען, זיך גערראַ־פּעט מיט אומרוהיגע הענט און נעגעל איבערן שטרוי־דאך, געריסען און גע־ווארפען דאס שטרוי, אוועק, און ווידער אנגעלאפען מיט א פאק טראָשטש, און זיך אוועקגעשטעלט פייפען מיט די רערען אין קוימען אריין. פון די באהאל־טענע שטוב־ווינקלען האבען זיך דיקע שאטענס ארויסגערוקט, געשארט איבער וואנט און סטעליע, ווי אימה'דיג־איינגעשוויגענע נאכט־באשעפענישען וואס זו־כען א נעסט, און אז דאס ביסעל ליכט אין לעמפעל איז אויסגעגאנגען, האט זיך געראכט מ'דעקט איבער א טויטען. א וויסטע מרה־שחורה האט זיך פאר'־גנב'עט דאָ אין איינזאמען העק. מ'האָט זיך ארומגעדרעהט דורך די טעג צע־רודערטע, פאר'חלום'ט איבער ווייטער ערד און הימעל, זיך געפארעט ארום ביסלאך ארבייט וואס איז איצט געווען איבעריג, מיט'ן טרויער פון געבויגענע פעלד־בלומען ווען ס'לאָזט זיך אויס די שיין און זומער־ווארעמקייט, און מ'האָט צוריקגעהאלטען דאָס וואָרט, דעם טראָט. ס'איז אָנגעקומען א קיהלער ווינט. ער האָט געפּאקט די פישער אויפן בערגעל מיט די אומרוהיגע הענד אונטער די בערד, פארפּאטשט די נאָז און פּנים מיט נייע לופט־ריחות און דריבנע, פייכ־טע דערנערלעך, און די שוואכע הערבסט־הענט האָבען זיך נאָכגעגעבען נאָכ'ן געמיט — אָפּגעפאלען. פאר די אויגען האָבען זיך אויפגעהויבען פון דער ערד די אראָפּגעפאלענע, האלב־געלע, גוסס'דיגע בלעטער מיט אזא קלאַנג־גערויש, ווי דאָס רחמנות'דיגע פלאטערן פונ'ם קראנקען פויגעל'ס פליגעל, איגאיינעם מיט זיין וועה־קרעכץ: האָבען זיך די בלעטער אויפגעכאפּט מיט סוויסטש און ווארף, יוי מיט אָפּגעפרישטער יוגענד, א לויף געטאָן אין ווינט — און צוריקגעפאלען צו דער ערד אין טויטע קופעס. דאָס לעבען גוסס'ט. האָבען די פישער זיך גע־דרעהט אַרום שטיבעל, צוגעהערט צום קראַ פון אַ הויך, פאַרבייפליהענדיגען פויגעל, צום הירזשען פון די פערד, צום פייף פון נאָהענטען באהן הינטער די פלייצעס, און מ'האָט אַרומגעזוכט אַ מיטעל ווי אָנצופילען די דריקענדיגע הערבסט־פּוסטקייט. זינט דער דרויסען האָט אָנגעהויבען וועלקען, איז דער ווינט

געוואָרען תקיף: לויפט ארום איבער דער ערד, ווי א מזיק צום חרוב מאַכען, און באַהערשט זי מיט וועה־און־אומעט־לידער. די טעג ווערען קירצער און טונ־קעלער. דער הימעל כמורעט זיך: ס'לויפען אַרום אויף איהם גראָע, צעריסענע וואָלקענס, ווי צעפּליסטע, קויטיגע ליילעכער און שטיקער שמאַטע, שווימען ארום אהין, צוריק, אומרוהיגע, טריבע, און וואנדערענדיג אהן תכלית — אזוי וועלען זיי זיך אייביג מיעד אַרומשלעפּען, און — שוין, נישטאָ מעהר קיין שיין אין הימעל. אייביגער אומעט. מעהר פון אַלעמען טרויערען די בוימער. שפּאַנט דער מענש אַרויס צו זיי, זעהט זייער אומרוהיג בויגען זיך, און דאָס טראַגיש־שטילע קלאַגען, שפּאַרט ער שווייגענדיג אָן א האַנט, הערט זיך שטיל איין, ווי דער מרה־שחורה'ניק אין סוף פון זיינע טעג, און פאַרטראַכט זיך אין די נע־בעלדיגע ווייטען: „כ'געה אוים אינאיינעם מיט דיר, נאַטור. . . "

נאַטור וועלקט.

איבערן טייך איז געהאַנגען א דינער, גראָהער נעבעל, זיך געריסען אין שטיקער, אַרומגעוויגט אַהין־אַהער און אַלץ אויפן זעלבען אָרט, ווי ער וואָלט דאָ געהאַט זיינע אויסגעמאָסטענע גרעניצען, און ווייטער — ריר זיך ניט. אונ־טען — דאָס ברייטע וואסער, ווי א ווייט־אויסגעשפּרייטע טונקעל־בלויע דעק, באַשפּרענקעלט מיט שפּיציג־אויפגעבלאָזענע בלעזלאך. דאָס וואסער איז איצט קאַלט, אומרוהיג און קאַלעמוטנע. הערט מען שוין נישט די פיש זיך ווארפען אויף דער פלאַך. זיי באַגראָבען זיך טיעף אין דעם בלאָטיגען אָפּגרונד, ווי אויס־באַהאַלטען פון מחנות, וואָס קריכען דאָ מיט שטעקענס און נעצען. די וואסער־גראָזען שטעהען איינגעבויגענע, צעפּאַלטענע, טרינקען זיך איבער די קעפּ אין וואַסער, און מורמלען אריין צווישען די רוישיגע כוואַליעס א שוואַכען געבעט־מורמעל, — א בענקעניש אזא נאָך א טראָפּען זון־ליכט, וואָס זאָל אויפהויבען, און באַגיסען מיט שיין. דער קאַמיש העט־אַרום ברעג בויגט זיך הכנעה'דיג אין טייך אַריין, און רוישט אין איהם אריין א גזר־דין, וואָס דער ווינט האָט איהם געבראַכט פון דער ערד:

— הער, מוטער טייערע, די ערד ארום גרייט זיך שוין צום ווינטער. . .

זונטאָג פאַרנאַכט. חיים־בער האָט געשיקט דאָס אייניקעל צירעל אין שטאָדט אַריין רופען הערשלען: „ער זאָל באַלד קומען, הערשל. ער דאַרף איהם נויטיג האָבען. זאָלסט ניט זאָגען וואָס!..." צירעל, א הויכע און א דארע, מיט זיבען און צוואנציג יאָהר לעבען, האָט זיך אָוועקגעלאָזט מיט פלינקע, נערוועזע

באוועגונגען רופען הערשלען. געהענדיג האָט זי איבערגעטראַכט וועגען איהרע מיידעל־יאָהרען, וואָס פאַרוועלקעןביים טייך, ווי אין פעלד די זאַפטיגע בלומען אין די ווינטער־קעלטען. און ווער ווייסט ווען זי׳ט געפינען א איינגעל? די די שטאָדט־איינגלאך שטעהט ניט אָן קיין פּראָסט פישער־מיידעל. וואָס זשע וועט זיין?. . . און דאָ איז שוין עטליכע חדשים, אז מאָטעל האָט געפּאַקט איציק־שלמה׳לעס טעכטערל, שלעפּט זיך אַרום מיט איהר, און וויל זי ניט אָפּלאָזען — אַזאַ פאַסקודסטווע. . . און זי, צירעל, איז דאָך עלטער פון איהם. . . הכלל, איצט איז שוין גאָר שלעכט. . . ט׳שוין בלייבען א פאַרזעסענע. . .

זי האָט גענומען אונטערלויפען.

הערשל ביטראַק האָט זיך נאָר־וואָס אפּארעט פונ׳ם וואָך־יאריד, וואָס איז אלע זונטאָג אין שטעדטעל. די פּרוכט, וואָס ער פלעגט א גאַנצע וואָך פאַר־קויפען ביי דער „שטעל“ לעבען הויז, איז שוין געווען אריינגעטראָגען אין פראָנט־צימער. אין איין זייט צימער — קוישען מיט אַלערליי מינים פּרוכט, אין דער צווייטער — אָפּגעלעגטע עפּעל אויף דער ערד אין שטרוי. הערשל האָט שוין געוואָלט אריין מיטן ווייב אין שטוב צו דער וועטשערע, האָט ער פלוצים דערזעהן א פּאָר פוילע עפּעל צווישען דער קופּע ציגאנקעס*). האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט מיט אויפגעשפּיצטע קני, און אָנגעהויבען אַראָפּכאַפּען פון אוי־בען די פוילע און צוגעשלאָגענע. „די עפּעל פוילען זיך צו ליגען“, — האָט הערשל צוגעוואָרפען צו זיין ווייב, וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט א הויכע מיט פאַרלעגטע אָרעמס, און שטיל געקוקט אין דעם מאַנ׳ס פאַרשמירטע הענט אריין. „נאָר הערסטו, פריידע, כ׳האָב איינעם אזוי געמאַכט די „קאַץ“, אז ער האָט שוין באַצאָלט פאַרן בראַק פון אלע וועגלאך. . . איצט דאַרף מען נאָר לייזען געלד. אוי, געלטעניו . . .“

— גוט נאָוועגט!

— זעה נאָר, פריידע, ווער ס׳דאָ, — צירעל!

און פריידע צושמייכעלט זיך ליבליך־זיס, און צעוויגט זיך געגען מיי־דעל, ווי אין פעלד די הויכע זאַנג אין מאָרגען־ווינט.

— וואָס טוסטו, צירעל?

*) א סארט רויטע עפּעל.

— רב הערשל, דער זיידע האָט געזאָגט, איהר זאָלט שוין אַראָפּקומען. ער דאַרף אייך האָבען.

דער פלינקער איד האָט זיך אויפגעהויבען א נייגעריגער. האָט זשומעני־דיג אָנגעזאָגט פריידען ווי צו לייזען די פריש־אָנגעקויפטע יאַריד־פּרוכט, שנעל אַוועקגעשלעפּט דעם קויש צוגעשלאָגענע עפּעל אין א ווינקעל, און שוין גע־שטאַנען ביי דער טהיר. דאָס פלינקע אוועקגעהן האָט איבערגעלאָזט ווערטער: „אַ קלייניגקייט, חיים־בער רופט? איז דאָך מיין פּרנסה־געבער!..."

אינמיטען דער לאַנגער גאַס האָט הערשל פאַרגעלעגט מ'זאָל זיך פאַר־קירעווען אין אַ זייט שטאָדט, איבער די באַהן־ליניעס, וועט מען איינשפּאָרען וועג: דאָרט־אַרום איז ליכטיגער אויך. האָט מען אַזוי געטאָן.

— זי ווייסט ניט, צירעל, וואָס וויל ער, דער זיידע?

— ניין, זי ווייסט ניט.

האָט מען געשפּאַנט ווייטער פאַרשוויגענע. הערשל — מיט אָהן א שיעור שנעל־איבערגעוואָרפענע טרעף־סברה'ס אונטערן הויכען, צוויי־ווינקעל־דיגען שטערן, און צירעל: דאָס מרה־שחורה־פּנים, מיט די אנגסט־אויגען, וואָס האָבען מורא געהאַט פאַרן עלטער ווערען — פרעהלאַך אויפגעגלאַנצט, די באַ־קען אָנגעגאָסען מיט קופּער־קאָליר, און אונטער די דאַרע, אַראָפּהענגענדיגע בריסט־לאַך האָבען וואַרעמע שטראָמלעך געקיצעלט: „הערשט איז קלוג ווי אַ פּוסק: וועט שוין געפינען אַן עצה ווי אָפּצוטשעפּען מאָטלען פונ'ם „שלעפּעל"... נאָכ־דעם וועט דער טאַטע ז י י אין זינען האָבען... אפשר וועט גאָט העלפען?... וואָלט שוין וועלען הערען וואָס הערשל ט'זאָגען". דער הייסער הערשל איז מיטן שטח געוואָרען נייגעריגער, געשפּרונגען איבער די אָנגעוואָרפענע, פאַרפּלאָנ־טערטע ליניע־נעצען, און די פּיס, ווי ציטעריגע דראָטען, זיינען מיעד געוואָ־רען און פּאָרט געלאָפען ווי אונטער אַ האַנט, וואָס ציהט איהם ביים פּאָדער־לאַץ: מסתמא שוין ווידער עפּעס מיטן שונא זיינעם — צי מיט אנדערע גנבים... אָבער וואָס אַקוראַט?... מ'איז צוגעקומען צום וועג ביים גראָזיגען טייך־ברעג.

— צירעל.

— וואָס איז, רב הערשל?

— ביי אייך אויפן טייך איז עפּעס ניט אזוי גוט, אַ יאָ?

— יא, ניט אזוי גוט. . .

אין פּיבער־טאָן פון צירעל׳ס לעצטע ווערטער האָט אַ ים מיט צער פאַר־טרונקען אַ הארץ. ס׳האָט דאָס הארץ זיך געזעגנט: „וואָס וועט פון מיר זיין?. . . טאָמער האָב איך געהאט אַ שטיקעל פרייען וועג צו מיינע גלוסטען און האָפנונגען, האָט מיר דער ברודער איהם פארשטעלט. . .״ הערשל האָט זיך אַזש דערשראָקען:

— צירעל, דארפסט ניט זאָרגען אזוי. . .

אין פישער־הייזעל איז חיים־בער געזעסען איינגעבויגען מיט׳ן קליינעם, דארען קערפּער ביים פענסטערל, און געשטשאָבעט אַ נעץ. מאטע אָווענד־שיין איבער׳ן פענסטערל, וואָס איז אריבערגעפאלען פון די רויטע הימעל־ברעגען איבער די בערג, איז שוין פארגאנגען, און ס׳האָט עמיצער אַ פיהר געטהון מיט עפּעס איבערן פענסטערל, און עס אָפּגעשווארצט. די באלעבאָסטע האָט אָנגע־צונדען דאָס קליינע קעראָסין־לעמפעל איבערן אויוועז, און זיך געשטעלט בראָטען פיש אויף וועטשערע. שטיל אין צימער. דאָס שוואכע ליכט פון לעמפּעל האָט זיך ארייגעריסען צווישען די צעשפּרייטע שאָטענס אויף ערד און ווענט, זיך געראַנגעלט אי מיט דער פינסטערניש, אי מיט דער גראבענדיגער מרה־שחורה, וואָס האָט געמאכט די פינסטערניש געדיכטער און צודרעננגליכער — און דער פישער זיצט מיט די בלינדע אויגען צום פענסטערל, און שטריקט, זוי פון אייביג־אָן דאָ אַוועקגעזעצט. דאָ האָט אַ סקריפּע געטאָן די טיר. חיים־בער האָט זיך אויפגעכאפּט ווי פון אַ פּלוצימדיגער גליק־בשורה, אוועקגעוואָרפען די ארבייט, אנטקעגענגעקומען הערשלען מיט אַ ליכט־שמייכעל וואָס דאָס צו־קנייטשטע פּנים האָט עס קוים אויסגעלעגט. און איהם ארייגשלעפּענדיג אין מי־טען צימער, האָט ער אויפגעדרעהט דאָס לעמפעל.

— זיץ, הערשל, וואָס טוסטו?

— וואָס זאָל איך טאָן? כ׳ווייס וואָס? . . .

— הערשל, ווייסט וואס איך האָב דיך גערופען? — האָט חיים־בער זיך אנגעשפּארט מיט די עלענבויגענס אויפ׳ן טישעל — ביי אונז אויפ׳ן טייך איז צרות. . . געדענקסט מיט יאהרען צוריק, הערשל? אלץ איז געווען שא, שטיל, אפּגעהיט. מ׳איז געווען אינגער, האָבען פרעמדע מורא געהאט, אפילו

כבוד אפגעגעבען — גערעדט צו חיים־בער׳ן ווי צו א פריץ. און קיין פרעמדער פוס האָט אויפ׳ן וואסער ניט ארויפגעטראטען... וויפיעל גאט האָט מיר געגעבען, האָב איך געהאט, און געזאגט א דאנק... איצט, ברודער, איז שלעכט, זעהר שלעכט... כ׳ל דיר זאגען דעם אמת — דער אלטער האָט זיך א רוק געטהון מיט׳ן בענקעל און האט זיך איבערגעבויגען צו הערשל׳ס אויער — דאס לעבען האט זיך שוין דערעסען, פארשטעהסטו שוין ? . . .

— נו, צו וואָס זאלט איהר זיך אזוי ערגערן, ר׳ חיים־בער ? ס׳העלפט עפּעס ? איהר און אייער זוהן זיינט דאך שוין עלטערע מענשען — זאל עס שוין געהען ווי גאט פיהרט...

— אָט־אָט, אט דאָ, ברודער ליגט דער הונט באַגראבען, — האט זיך אנגעכאפּט דער פישער מיט א קלאג. מיר זיינען שוין אלט, כוחות קיין סך איז שוין נישטא, און אייביג לעבען קאנסטו ניט: און דאָ ביזטו געבענשט מיט אזא טייערען טייך . . . ווילסטו דאָך אז דיין קינד זאָל דיך ירש׳ענען, א יאָ? נו, און אז דיין קינד דערוויטערט זיך פון דיר, א פרעמדער ?... אט וואָס, מיין פריינד, ס׳טוט וועה . . .

— וויפיעל יאהרען האָב איך טאָג ווי נאכט מיט קיין אויג ניט צוגע־מאכט, — האָבען זיך די הענט געוואָרפען, און ס׳האָבען געצוקט די אלטע ביי־נער־אקסלען. פלעגט מען די ערשטע יאהרען אין די ביינאַכטען גנב׳ענען — האב איך זיך א נעם געטאן און אויסגעראמט די גנבים, ווי כ׳האב אויסגעראמט פונ׳ם טייך די אנגעוואקסענע גראזען. גאט און נאכדעם די ביקס זענען געווען מיינע באשיצער, — און כ׳האב אפּגעהיט דעם טייך ווי מיין לעבען. ניט געוואוסט פון קיין שבת און יום־טוב, קיינמאל די שטאט ניט אנגעקוקט, אין די הייסעסטע טעג און אין די גרעסטע ווינטער־פרעסט און זאווערוכעס — שטענדיג שווער גע־הארעוועט, און געהאלטען אן אויג אויפ׳ן טייך . . . און איצט : נאכט נאך נאכט נאָר מ׳ראבעוועט! מ׳געהט דיר נאָך פונקט הינטער די פּלייצעס, מ׳מאַכט חוזק פון דיין עלטער, דיינע קאליע אויגען — און מ׳טוט וואס מ׳וויל . . . אך, הערשל, ווי ס׳טהוט וועה ! . . .

ס׳איז אריינגעקומען פונ׳ם הויף נחום.

— גוט נ׳אווענט, הערשל. וואס טוסטו ?

— איר ווייסט וואס? — האט גענטפערט הערשל חיים־בערן — איר קליבט אוים עפעס א שעהנעם קארפ, און איך וועל איהם אריינטראגען צום פריס־טאוו, און אים דערצעהלען די מעשה — וועט זיין רעכט . . . פאר פאליציע האבען די חברה מורא . . .

— ניין, ניין, הערשל, דאס ניט, — איז אריינגעפאלען נחום'ס שטימע ציטערענדיג, ווי דער פויגעל מיט פארוואונדעטע פליגעל — קיין פאליציע דארף מען נישט . . . מ'דארף נישט ! . . .

— דא איז דאך מאטעל אין דער מיט, פארשטעהסט הערשל? — האט חיים־בער אויפגעקלערט—מאטעל האט דאך ליב דאס „שלעפעל"—און טאמער יועט פאליציע ארעסטירען דעם טאטען אירען, דעם ממזר, וועט אפשר מאטעל שוין איינגאנצען אהיים ניט צוריקקומען. ער'ט דאך ניט לאזען זיי אויף הפקר ! . . .

— מיט גוטען, — האט ארויסגערעדט נחום.

די פיש האבען זיך געזשארעט אויפ'ן פריפעטשאק, געקנאקט מיט א הויבען טעמפ־זשומענדיגען קול איבערן נעפלדיגען צימער, און דער ריח און געשמאקער טעם פון פעט־געפרעגעלטער דארער פיש־הויט, און ווייך, צעקראכען פלייש האט גערייצט, געראצט אין נאז און האלז, ווי מיט דריבנע נעגעלאך. מ'איז געווארען הונגעריג. האט מען זיך, אבער, אזוי טיף אנגעשלאסען פארזארגטע אין דער שוידער־שטילקייט, אז א ווארט־קלאנג האט געהייסען ס'וועט פלאצען א באמבע איבער די קעפ. דער אלטער חיים־בער האט זיך אפגערוקט פונ'ם טישעל, און געבליבען מיט איינגעדריקטע הענט און קאפ אויף די קני: ס'ליגט דא מיט'ן רוקען ארויף א בינטעל אלטע שמאטעס. הערשל'ס קערפער האט זיך צוליעב דער טונקעל און שטארק־פארטראכטע בליקען, קוים ארויסגעזעהן: מ'האט נאר געזעהען קעגען חיים־בער'ן פינקלען צוויי העל־בלויע, אומרוהיגע פייערלאך — הערשל'ס הארץ־אויגען. נחום האט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן דיוואניקעל ביים אויוען, אראפגעווארפען דעם קאפ, ווי דער וואנדערער נאך א שווערען וועג, די אויגען פארזונקען אין דר'ערד, און א פאר'צרה'ט, משוגע קראצען אין די קאפ־פאטעלס, ווי מ'וואלט דא באגראבען א טויטען, האט אויפגערוישט איבער'ן צימער.

ביים פריפעטשאק זיינען געשטאנען נחום'ס ווייב כאסיע־ביילע און איר טאכטער. די מוטער האט מיט איין האנט, האלטענדיג א שמאטע, ציטעריג זיך אנגעשפארט אן דעכעל פונ'ם אויוען־ברעג, און די אויגען זענען געקראכען צו

הערשלען: „אט־אט גיט ער זיך א ריר מיט'ן קלוגען עצה־ווארט, ווערט ווארעם און ליכטיג". צירעל איז געשמאנען מיט די פלייצעס צום פריפעטשאק, זיך אנגע־האלטען אין אויווען־ברעג הינטער זיך, און זיך הויבענדיג נערוועז אויף די שפי־צען פיס־פינגער, האט זי געקוקט א פארטראַגענע צום טרויעריג־איינגעקאָרטשעטען זיידען. שטיל. פון אייביג אן שטיל. אמאל, אמאל זענען מענשען פון א ווייסטען סכנה־ארט זיך צעלאפען אין א ווילדען, אומגעלומפערטען טומעל־שרעק, אראפ אהער־אַ זיך ראטעווען, און אריין אין שטיבעל — זיינען פינף פון זיי דאָ געבליבען טויט־פארשטיינערט, אין זייערע אימה'דיג־צערודערטע שוידער־פאזעס. בלויז א באהאלטענע האנט פלאטערט דא אומרוהיג ארום אין דער לופט ערגעץ, יאגט אן א ווינט, רייבט אזוי רוישיג איבער דער סטעליע, איבער די טויטע ווענט, און שטערט די גליווער־שטילקייט: ס'איז נחום'ס מורא'דיג קאפ־קראצען.

— צירעל, וועה איז מיר! — איז א פארוואונדעטע אויפגעשפרונגען די מוטער — דו ברענסט!...

מ'האט זיך אויפגעכאפט.

צירעל האט א צעמישטע זיך א ווארף געטאן פאראויס מיט'ן פייער אויף די פלייצעס, מיט לאנגע הענט און פינגער, ווי די משוגענע וואס וויל דורס זיין. מ'האט זיך פלאנטערענדיג און אימפעטיג־צערודערט געהוידעט מיט ווארפענדיגע קעפ, און אויסגעשפרייטע הענט ארום צירלען, גערעוועט מיט אפגעהאקטע, פאר־שטיקטע ווערטער, ווי געפייניגטע, שטומע בהמה'ס, און דאָס פייער אויף'ן קאפ־טעל און דעם מיידעל'ס קוויטשען האבן שוידערליך געווארענט: „גיכער! נאך ניט אויסגעלאשען? באלד וויינט מען אויף'ן חורבן!..." דא האט כאסיע־ביילע דער־פיהלט אין די הענט די שווארצע שמאטע, אַנגעהויבען קלאפען און רייבען איבער צירעל'ס פלייצעס, און דאס פייער איז פארשטיקט געווארען.

מ'האט זי אוועקגעזעצט אויפ'ן דיוואן.

— ס'בריהט, קינד מיינס? — האט די מוטער איר געקלאגט אין די אוי־גען אריין — ס'טוט דיר וועה?

— ניין מאמע, ס'גארניט... כ'הא'מיך נאר דערשראקען...

מ'איז געזעסען א לאנגע צייט דערשלאגענע און געקוקט אויף צירלען. נאכדעם האט זיך הערשל אויפגעהויבען צו געהן.

— הערשל, וואס־זשע וועט זיין? — האט חיים־בער אים פארהאלטען.

— כ׳האב א פשוט׳ע עצה,, — האט הערשל זיך געקראצט אין א שטערן־ווינקעל — די בעסטע זאך איז א גוטער סטאראזש. מ׳דארף דא פשוט אוועק־שטעלען א חברה־מאן — מ׳זאל מורא האבען! איציק־שלמה׳לע וועט ניט איינ־שטעלען דאס לעבען, אז ער׳ט וויסען אז ס׳היט דא א כלאפ מיט ביינער . . . אָ, פאר דער פעל האבען זיי מורא . . .

די פישער האבען דערזען א ישועה. אזוי פיל יאהרען ביים טייך, און אלע מאל נאר אין צווייען. האט מען דורך לאנגע וואכען און חדשים קיין רגע רוה ניט געהאט, אין די נעכט ניט געשלאפען — און ארומגעגאנגען איז מען אלץ מיט גע־יאנג אין הארצען, געהויבען די אויגען מיט דאנק צו די הימלען, און אליין די קלענסטע ארבעטען געטאן, ווי א הייליגע עבודה. בפרט נאך ארומפאהרען און היטען — דאָס מוז מען דאך אליין, אבער אז אין די לעצטע צייטען האָט מען שוין ניט אזוי מורא, איציק־שלמה׳לע דערגעהט זיי די יאהרען, און מאטעל איז יונג און געזונט ווי א דעמב, איז מיט יעדען איינעם א „פאני־בראט״, און צו איציק־שלמה׳לען האט ער זיך גאר אינגאנצען פארקויפט, איז מען פארלוירען! . . . איצט, דערהערט הערשל׳ס פראסטע עצה, האבען טאטע און זוהן זיך אויפגעמונ־טערט דערווארעמטע: מענשען מיט נייעם מוט.

— זעה נאר, א נארישקייט — ס׳גאר ניט איינגעפאלען!

— יא, הערשל, — האט נחום פאטאקעוועט. — דאס איז דאס בעסטע: א סטאראזש.

— א גוטער סטאראזש אויף ביינאכט, — האט אונטערגעזאגט חיים־בער מיט פעסטקייט.

— און דער סטאראזש, — האט א באגייסטערטער צוגעגעבען הערשל, — זאל אויך בייטאג זיך ווייזען אויפ׳ן טייך: — מ׳זאל זעהן ווער ס׳היט. איר פאר־שטעהט? . . .

— יא, אזוי ט׳מען דארפען טאן.

נאָכדעם האָט מען ווידער איינגעשוויגען. א רגע נאָר אזוי, ווייל עפעס האָט נאָך געדריקט. איז מען געזעסען צוגעקלעפטע צו די ערטער מיט גע־ליימטע גלידער און צונגען, און אונטער די פארקלעמטע ליפען האט זיך א מאָ־

טערענדיגע פראגע געריסען, און ניט געקענט ארויס. האט מען זיך געערגערט, גע־האלטען די קעפּ ווי אונטער א בארג־משא, און זיך איינקארטשענדיג אין די אייגענע גערערים אריין, ניט געהאט דעם מוט זיך ארויסצוהויבען מיט א קורצען זילבע־קלאנג. דא האט נחום א רוק געטאן אונטער זיך דאס קליינע בענקעלע.

— דאָס לעמפּעל לעשט זיך, — האָט ער הויך אַרויסגערעדט מיט אַ כעס, און זיך ארומקוקענדיג, זיך געלאזט צום אויוועון:

— ס'א צוג־לופט, צו אלדע גוטע יאהר...

— נו, מ'דארף געהן, — האט זיך הערשל געלאזט צו דער טיר.

— הכלל, וואס־זשע טו איך מיט מאטלען? — האט חיים־בער זיך אויפ־געמונטערט.

— וואַ־ס? . . . אויב מאטעל איז פארליבט — איז פארפאלען, רב חיים־בער . . . וואס קענט איר א שטייגער טאן? . . . ליבע איז ניט קיין קארטאפעל, — האט ער ערנסט פארענדיגט אין רוסיש.

— וואס־זשע וועט זיין? . . . וואס וועט זיין? . . . — האט זיך חיים־בער אויפגעהויבען אַ צעקאָכטער, מיט אַ פּנים פון אַ געל־צוקנייטשטען פּאַפּיר־בויגען — מ'קען עס דען אזוי לאזען? . . . ווען מאטעל וויל, וואלט דער כלב ניט געקראכען אהער. און ניט גענוג ער איז ניט מיט אונז, איז ער נאך אוועק צום שונא, און האט זיך פארליבט אין דער שיקסע זיינער . . . ליגט אנגעגרייט אזא ירושה — און ס'ניטא קיין יורש... דארף מען לעבען ?... איצט בלייבט אלץ אויף הפקר צי ס'וועט גאר ארייגפאלען צום שונא . . . אפּגעארבייט אזוי פיל יאָרען — און אזא סוף! . . . ניין, ער וועט עס ניט דערלעבען, דער גנב! וועט עס ניט דערלעבען! . . .

- פאלגט מיך, הערט זיך אויף ערגערען, ר' חיים־בער, — האָט הערשל געזאָגט האַלטענדיג שוין די טיר־קליאמקע. און, איהר הערט? מיט מאָטלען רעדט בעסער מיט גוטען.

- גערעכט, ווי איך בין א איד, — האָט נחום שטיל איהם נאכגעזאגט: נאַ־ר מיט גוטען . . .

## קאפיטעל ז.

# מאטעל און לאה'לע געהען שפאצירען

פארנאכט. מאטעל און לאה'לע האבען שפאצירט אין פעלד. די זון אין מערב־ברעג האָט זיך אנגעגאסען מיט א געדיכטער רויטקייט, ווי א פארבלוטיג־טע, קיילעכיגע טוך, צעווארפען איבער'ן הימעל צעשפריצטע פורפורנע פאסען, וואס האבען זיך אפגעשפיגעלט אין טייך אין א לעצטען אווענט־שפיל מיט די כוואליעס, און צוגעווארפען שאטענס צום ברעג, אין טאל. דאס גרויסע ליכט מיט די אויסגעהענדיגע שטראלען האט ארומגענומען די ערד מיט א שטילען, גרויסען סוד. דער ווינט, דער אלטער קונדס, האט זיך פאררוקט ערגעץ הינטער געדיכטע בוימער, און האט זיך אפגערוהט. שא. הייליגע פארשוויגענקייט. פון ערגעץ אין דער שטילער האלב־טונקעל גיט א ווייו א פיינליכע נאגעניש, און די וועלט געהט אוים פון בענקעניש. מענשען אויף די פעלדער שפאנען צו זייערע היימען פארטראכט, מיט אויגען צו דער שווארצער ערד אונטער די פים, מיט קעפ אראפ, ווי פארלארענע, און דאס רויט־פארלאפענע טאג־אויג געהט אראפ אין דער נידער : „א גוטע נאכט, קינדער..." מאטעל און לאה'לע האבען גע־שפאנט אויפ'ן וועג האנט אין האנט, געוואלט פארהאלטען אויפ'ן שפיץ בארג א לעצט שטיקעל זון, געשוויגען, און נאכגעקוקט אין דער טונקעל עטליכע פאר־שפעטיגטע פויערים, מיט דרעש־שטעקענס און לאפעטעס אויף די פלייצעס. פונ'ם נאהענטען דארף האָט זיך געהערט דאס קלאפען פון שטאנגען איבער א ברונים, און אויף א פריזבע ערגעץ מיט'ן פנים צו די בערג און ווייטען, האָט איינער א שטיל־פארטרוימטער א הארציגען אווענט־ניגון מיט די ליפען אויס־געפייפט. ס'איז געלאפען א ווינטעל. לאה'ס לאנג קליידעל האט זיך אויפגע־הויבען אין דער לופטען. „וועה, וואָס וויל דער ווינט!" זי האָט ארויפגעוואָר־פען די הענט אויפ'ן קליידעל צו פארהיטען אַן אומגליק, און מורא געהאט זיך אויסצוגלייכען. מאטעל האט נאכגעשפירט מיט אונטערגעשטראמטען מענער־חשק, און האט געקוועלט פון איהר צניעות : „וואס א מיידעל איז : ס'דאך טונקעל, מ'זעהט שוין סיי ווי ניט — און האט מורא..." גלייך זיך שוין אוים אמאל, לאה'לע..." אז דאס מיידעל האט זיך אויסגעגלייכט איז דער ווינט אוועק א ווײלע, באלד ווידער אָנגעלאָפען אַ צעבאלעוועטער, און ווען זי האָט גענומען

פארריכטען די צעשויבערטע האָר, האָט ער אַ ריס געטאָן די מיט פון ברייטען קאפּטעל ביים גארטעל און ארויפגעשמיסען צום העמד:

— לאז מיך אריין....

— מאטעל, זינג עפּעס.

— עפּעס זינגען?

האָט איהר צוגעשמייכעלט פון אַ זייט, און ארומגענומען איהר טאליע. זי האט זיך צערטליך צוגעטוליעט: מא־טעל... זיינען געגאנגען איינגעהאלטען, ווי אויף אלטע ערטער. ער האט געהאלטען איהרע אַ האנט אין זיינער, זיך געשפּילט ווי מיט אַן אוצר, די צווייטע האנט — ארום איהר טאליע, — אזוי וועלען זיי שפּאנען אייביג.

— וואס־זשע זינגסטו ניט, מאטעל?

זיינען צוגעקומען צו אַ משופּע'דיגען בארג־אראפּ. דאָ זיינען זיי געבליבען שטעהן, זיך איבערגעקוקט, און דורך דער טונקעל — צום אראפּ. ווילסט אראפּגעהן, מאטעל? — האָט דאס מיידעל געוואלט פרעגען — און זיך צוריקגעכאפּט. ניין, מ'דארף זיך היטען ביינאכט! דאָ האט זיך אוועקגעשטעלט מאָטעל מיט צעשפּרייטע ארעמס:

— לאה'לע, לאם איך דיך אראפּטראגען . . .

— וואס? כ'זאל דער'הרג'עט ווערען?....

— האב ניט מורא, נארעלע... נעמסט מיך ארום אזוי־אַ ביים האלז — און כ'טראג דיך אראפּ...

— ניין, מאטעל, סט'פאלען, — האָט דאס מיידעל געפיבערט מיט שרעק און לוסט.

— געה, ביסט אַ שלעכטע.... כ'האב דיך שוין פיינט... וואסי, כ'קען ניט דעם בארג? וואס האסטו מורא?... נעהם מיך ארום, לאה'לע, וועסטו זעהן כ'ל געהן פּאוואליע... זאלסט מיך נאר גוט צוהאלטען...

האָט זיך אראפּגעזעצט צו איהר מיט די פּלייצעס, און געווארט. האָט זי זיך שוין אנגעבויגען — און פּלוצים צוריקגעכאפּט:

ניין, זי האָט מורא!...

מאָטעל האט זיך קוים אויפגעהויבען, מיט א צעקרומטען יסורים־פּנים, ווי פון א פּלוצים־פּארשוואונדענעם גליק: „מ־מ־מ־... מעגסט זיך שעהמען... נאַר דו רייצסט זיך מיט מיר... באַרעכען זיך: כ׳האלט דיך אין איין בעטען — און ביסט אזא שלעכטע... כ׳ל מיר באלד אוועקגעהן...״ האט געהאלטען אין איין אונטערפאנפען מיט רוגז, און זיך ביטער באקלאגט. א זיס־פּאר׳שכור׳ענדיי־גער ליבע־חשק האָט זיך איצט צעגאסען אין מאטלען. דער יונג האט געוואלט אז צווישען איהם און מיידעל זאל זיך אנהויבען א לעבעדיגע פארגעניגען־שפּיל, און זיך צעהוליען ווילד־קאכעדיג, ווי א צעברויזטער ים.

— ווייסט וואָס, לאה׳לע, — האָט ער זיך אויפגערייצט פון איהר יונג־מיידעלשער נאאיווקייט, כ׳ל דיר אָננעמען אזוי־אָ, און פּאוואָליע אראָפּגעהן. גוט?... האָט זי פלינק, און אָהן איהר ענטפער, א כאפּ געטאן מיט א האנט ביי די פּיס, מיט א צווייטער — הינטער איהר קאפּ, זי איבערגעקעהרט, און אזוי, א פלאך־ליגענדיגע, האט ער גענומען זי טאסקען אין דער טונקעל בארג־אראפּ. אוי, מיין טייער פארגעניגען!... פּונ׳ם הארצען האט אויסגעזעצט א צערייצ־טער תאווה־שטראם, און אלע גלידער פארפלייצט. ס׳האט זיך צעהוילעט אן אומ־באגרייפליכע פרייד, געווארפען אין פּנים און אין קאפּ אריין הייסע פלאמען־פאליעס, ווי גליהענדיגע מדבר־ווינטען, און דער יונג איז מיט דאנקבאר־צעעפּענטען מויל און אויגען געלאפען בארג־אראפּ, זיך ארומגעווארפען, געדרעהט און גע־ישפּרונגען מיט׳ן ליגענדיגען מיידעל אין די הענט, ווי מיט א טייערער מתנה, און אויסגעטאנצט א הארציג־ווארעמען „הללויה״ צום ווייטען, פּוסטען חושך: האָט זי געהעצקעט, אויפגעהויבען ברוסט צו ברוסט, אויסגעשריען הויכע, פּאר׳־שכור׳טע פרייד־הו־הא׳ס צו די ווייטע פעלד־עקען, ווי אין א באַרימערריי, און פון הינטער די בערג האבען א חברה באהאלטענע לעב־יונגען אפּגעענטפערט: „אזוי, אזוי — בראווא בחור!...״ די שפּיל האט זיך צעברענט. זי איז געלעגען אין זיינע הענט ווי אין א פארפּלאנטערטער נעץ, זיך צוגעהאלטען ביי זיינע רעקעל־לאצען, זיך געווארפען — און צוריקגעהאלטען: „אוי, ער׳ט פאלען, מ׳קען נאך דער׳הרג׳עט ווערען...״ אבער באלד האט די מיידעלשע גלוסט זיך צעווארימט, און ס׳האט זיך צעגאסען א האניג־פרייד:

אך!.. ווי ער טאנצט מיט איהר, ווי ער פרעהט זיך!... א, ווי זיס ס׳איז צו ליגען ביי איהם אין די הענט!... — טייערער בחור, נו, טאנץ מיט מיר רוי־שיגער, ווארעמער, שטארקער!... הלואי ס׳זאל דער בארג־אראפּ זיך ציען איי־ביג, אייביג..

זיינען אראָפּ אונטען. האבען זיך אפּגערוהט מיט קורצע אטעמס. ער האט אפּגעווישט זיין פּנים־שווייס, און האט איהר דערלאנגט די פאטשיילע: „נא, וויש דיך אויך אפּ, לאה׳לע“. זי האָט איהם אנגעקוקט מיט גרויסע, דורשטיגע אויגען, געשמייכעלט און אויסגעגלייכט דאס צעקנייטשטע קליידעל. האבען זיך גוט געזעהן. פינסטערניש האָט ניט געשטערט. מ׳האָט זיך אראָפּגעזעצט. מאָטעל האָט א גליקליך־פארמאטערטער זיך אוועקגעלעגט אויף א זייט, מיט׳ן פּנים צום מיידעל, און מיט׳ן קאפּ אויף אן אונטערגעשטעלטער האנט, ווי אויף אן ענג־צונויפגעצויגענעם בויגען.

— האסט מיך מיד געמאכט, לאה׳לע.

האָט זיך צעקייקעלט איבער ערד א געלעכטעריל:

— כא־כא... האסט דאָך אליין געוואלט!

— אמת . . .

זיי האבען געשוויגען. דער טאל צו־פוסענס איז געלעגען א פארטראכטער אין די נאכט־סודות, וואס בארג און פעלד דערצעהלען זיך איצט איבער פון זייערע שעהנע טאג־שעה׳ן. נאר די נידעריגע גרעזלאך האבען אלע מאל זיך צערוישט, געשעפּטשעט אין דער נאכט אריין, ווי מיט טענות צו דער וועלט: „מענש, פארוואָס פארלאָזטו דעם טאל? קום אראָפּ צו אונז אין שאטען, צווישען בארג און וואלד און בוי זיך א שטילען גן־עדן...“ די טונקעל איז געווארען פרעסענדיג און אזוי געדיכט, אז מאטעל האט געהערט ווי ס׳הירזשען איינזאמע, בענקענדיגע פערד, און ניט דערקענט ווי ווייט זיי זענען. אן ערנסט האָט איהם באהערשט, און עטוואס אָפּגעקיהלט די היץ וואָס האָט געווארעמט אין לייב, ווי זון־שטראלען די צעוואקסענע פעלד־בלומען. צוגעקומען א שווייגענדיגע, ווייכע פאר׳חלום׳טקייט: זאפטיג־פרישער אווענט־טוי, נאך א היים־צעשטראלטען זומער־טאג.

— מאטעל?

— וואס איז, לאה׳לע?

— דערצעהל מיר עפּעס, — האָט זי ארויסגערעדט מיט א געבעט, ווי דער איינזאמער אין וועג אין א פארנאכטיגער מעריב־תפילה.

— וואס?

— וואס דו ווילסט.

— נו, גוט. כ'ל דיר עפּעס דערצעהלען פון'ם טייך. — ער האט זיך ריי־רעוודיג אויפגעמונטערט, זיך אויפגעזעצט קעגען איהר, און דאס פּנים האָט א קוועל געטאן מיט א ביטערע שמייכעל.

מיט יאהרען צוריק האט זיך עס געטראפען. איך בין נאך געוועזן א קליין אינגעלע. איינמאל, גאנץ פריה, איז דער טאטע אוועקגעגאנגען אין שטאדט אריין איינקויפען עפּעס. אין שטוב זיינען געבליבען איך און דער זיידע, און די מאמע און צירעל. פּלוצים דערהערען מיר פון'ם ברעג עפּעס א קול, ווי ס'וואלט וואויען א הייזעריגער הונט וואס האלט ביים גוססן. מיר האבען זיך מסוכן דערשראקען. דער זיידע איז באלד אראפּ צום ברעג און דערזעהען ווי פון'ם טייך שטעקט ארויס עפּעס, ווי א קאָפּ פון א מענשען. אז ער איז צוגעגאנגען נעהענטער איז יענער אריין אין וואסער, און פון ווייטענס ווידער אויפגעהויבען דעם קאפּ — און געקוקט גלייך צום זיידען. איז דער זיידע אריין אין שטיבעל, געכאפּט די ביקס, און אנגעהויבען נאכלויפען מיט דער לאדקע.

יענער איז געלאפען פאראויס, זיך אראפּגעבויגען אלע מאל אין טייך אריין, און באלד ווידער אויפגעהויבען דעם גרויסען, שווארצען קאפּ — און געלאפען ווייטער. דער זיידע איז געוועזן דערשראקען, אבער ס'האט איהם גע־צויגען צו דערגעהן ווער דאס איז — איז ער נאכגעלאפען. אזוי האט איהם יענער פארפיהרט ביז צום סוף טייך, דאָרט־אָ ביים אינזעל. דאָרט האָט יענער א שפּרונג געטהון אויפ'ן גראָז, געבליבען ליגען ווי א שווארצע חיה און צעשפּראלעט קעגען זיידען דעם פּיסק. אז דער זיידע איז צוגעקומען נעהענטער, האט זיך יענער א משוגענעם ווארף געטאן אויף איהם, און אין איין מינוט איינגעשלונ־גען איהם, מיט דער לאדקע, מיט'ן רודער־שטעקען, מיט דער ביקס, מיט אלעמען...

— וועה איז מיר! — האָט זיך דאס מיידעל א ווארף געטאן אין פּחד.

— ווארט־זשע אויס... דו וועסט ערשט הערען ווייטער... אז דער טאַ־טע איז אהיים געקומען, האט די מאמע איהם דערצעהלט די געשיכטע מיט'ן קאפּ אויפ'ן ברעג. ווארט דער טאטע א שעה, צוויי, דריי — ווייס איך וואס, דער זיידע איז פארפאלען געווארען! כאפּט ער שוין די לאדקע, און לויפט איהם זוכען. ער איז אויסגעלאפען דעם גאנצען טייך — נישטא דער זיידע. ביז ער איז צוגעקומען צום אינזעל. ער גיט א קוק אין גראז — ליגט דארט א

מסוכן־גרויסע זאך ווי א חיה, מיט אזא גראבען בויך, אז זי קען זיך אזש קיין ריהר ניט טאן. דאס מויל איז אפען, און ס'שטעקט ארויס א שטעקען.

— א שטעקען ? !....

— יא... דער טאטע האט מאקע באלד דערקענט אז ס'איז אונזער שטעקען פון די לאדקעס... הער זשע.... איז דער טאטע פאוואלינקע אונטערגעגאנגען, אנגענומען דעם שטעקען, און איהם אנגעהויבען ארויסשלעפען פונ'ם מויל... האט זיך נאכ'ן שטעקען פאיואלינקע נאכגעשלעפט דער זיידע, און נאך איהם — די ביקס. וואס זאגסטו דארויף ?....

— נו, און די לאדקע ?...

— די לאדקע ?... איז געבליבען אינעווייניג, אין בויך... יענער איז אנטלאפען מיט איהר...

— הער נאר, הער, וואס ס'קען זיך טרעפען ביים טייך... ס'פאלט אזש אן א פחד !... איצט זיינען נאך אויך דא אזוינע חיות אין טייך, מאטעל ?...

— כא־כא־כא ! — האט מאטעל מיט אמאל אויסגעזועצט א געלעכטער. אוי, מ'קען צעזעצט ווערען !... די גאנצע מעשה, לאה'לע, איז דאך ניט געשטויגען און ניט געפלויגען!...

— גערה, מעגסט זיך שעהמען... האסט מיך איבערגעשראקען...

מאטעל האט זי ארומגענומען ארום טאליע, געשמייכעלט, און געבעטען ביי איהר פארצייהונג. לאה'לע האט זיך גערדערעהט, ברוגז'לאך אונטערגעפאנפעט, און איהם פארצייהעט מיט א באדינג:

— אבער מעהר זאל ער זי ניט אפנארען . . . ער זאגט איהר צו? . . .

זאל ער קרענקען, זאל ער איינגעמען א מיתה־משונה צי ער'ט זי נאך אמאל אפנארען...

— גערענק זשע . . .

מ'האט געשפאנט אהיים. אויפ'ן וועג איז מאטעל דורשטיג געווארען, און געוואלט געהן זיך אנטרינקען ביים נאהענטען ברונעם. האט זיך לאה'לע געשווארען: „זאל זי שוין שטארבען, צי ער וועט געהן ביינאכט צו דער קרעניצע". איז מען געגאנגען ווייטער שטיל, פארשווינגען מיט שווערע, הענגענדיגע הענט, ווי

לאנגע האמערס, וואס האבען געזוכט א פריינדליכען שטיצער און ניט געוואגט זיך עטוואס אויפצוהויבען, מיט עטוואס זעהר נויטיגעס אויף די צינגער וואס מען האָט קוים געטראגען — און מורא געהאט אראָפּצואווארפען אז עס זאל ניט אויפקראכען. אזוי איינזאם־עלענד האָט מען זיך פלוצים דערפיהלט, ווי די נאכט וואלט זיך דא אריינגעשפארט צווישען זיי מיט שווארצע שטיקער געדיכטקייט און זיי צעריסען, אפגעריסען אויף אייביג אין בעזונדערע, ווייטע טיילען. אנ־געלעגטע ערד־חורבעס האבען געדריקט איבער די אקסלען, און מ'איז געגאנגען אַנגעבויגען ווי אויף א לאַנגען גלות־וועג. די לעצטע צייט דערמאנען זיי זיך ביידע אינ'ם „נויטיגען" פונקט פאר'ן אהיים געהן, און מ'ווייסט ניט וואָס צו זאָגען. ציטערט דאָס לייב מיט איינגעהאלטענער פרייד און מיט מורא און וועהטאָג, און איז פארלעגט מיט א שטיקענדיגער שטיינער־שווערקייט ביז אונטערן האלז. וואס טוט מען ?... ווי אזוי רעדט מען — אז ס'דאָ אזוי פיעל ישטערונגען ?... און שוין אזא צייט, אז מ'פיהרט זיך ארום...

— מאָטעל, דערצעהל נאָך עפּעס...

— הא ?!... ער האט א קוק געטאהן אויף איהר מיט גרויסע אויגען, ווי אויפגעריסען פון א טיפען הינער־פּלעט, געפיהלט ווי צו צעוויינען זיך, — און איז איהר געוועזן דאנקבאַר וואס זי האָט איהם אויפגעוועקט.

נאָך אמאל פון'ם טייך ?... און דערפיהלענדיג אז ער קען זיך צעשטרייען, איז ער אזש דערפרישט געווארען.

— וואָס אַרט דיך ?

— נו, גוט. אבער אָן אמת'ע זאַך :

דער זיידע דערצעהלט, אז מיט א פערציג יאהר צוריק, ווען ער האט גע־נומען דעם טייך, האָט איהם דער טייך אזוי אריינגעצויגען, אז נאָכ'ן טאג האַ־רעוואניע פלעגט ער ערשט דורך די נעכט ארומפאהרען איבער'ן וואסער.

פאָהרט ער אזוי ארום אין א ביינאכט, אָנהויב מאי. ארום און ארום איז שאַ, שטיל, אַ מחיה, נאר די כוואַליעס פּליושקען זיך. דא, ארום האלבע נאַכט, דערהערט זיך א שטילער גערויש איבער'ן טייך. האלט דער זיידע איין די לאָדקע, און הערט זיך צו. די שטילע קולות קומען נעהענטער, קלינגען ארוים ווי זיסע ניגונים פון צווישען די כוואַליעס, און ביסלעכווייז האָט זיך אויפגעהויבען אַ שפּיל מיט א געזאנג, ווי מ'וואלט פּראַוועוען א גרויסען יום־טוב איבער'ן

טייך. קליינע כוואליעס האָבען געשפּריצט אין דער הויך מיט א סוויסטשעריי, זיך געקלאַפּט איינס קעגען צווייטען, און געקלונגען ווי מיט גלעזערנע טעצלאך, דער ווינט האָט צוגעפּייפט, און פון די ארומיגע בערג, און פון צווישען וואסער, האבען אפּגעענטפערט א חברה שפּילער אויף גראבע באסען. די פיש זיינען ארומגעלאפען כאָפּטעסווייז, לעבעדיג און פרעהלאך, געפּאטשט מיט די גלאנציגע עקען קעגען דער לבנה־שיין, געטאַנצט איבער׳ן וואסער און זיך געשפּיעלט מיט די כוואליעס, — און די קארפּען האָבען ארויסגעשטעקט די אפענע פּיסקעס מיט אזא מין דרעהען זיך און הויבען אטהעמען, ווי זיי וואָלטען שטומערהייד ארויס־געשריען א מסוכן׳ע גדולה, און א דאנק און לויב דעם הימעל. דא האָבען זיך גאַנצע חורבעס פיש א לאָז געטהון צום ברעג, ווי מקבל פּנים צו זיין גרויסע געסט, און פון אלע זייטען האבען זיך צעקראָקעט די בראָסקעס (פּרעש) מיט אזא ליארם און פרייד, ווי די שקצים וואס זינגען און קוויטשען אויף די פעל־דער ווען זיי באַגעגענען די כלה אויף אַ כאַסליערע—ווי זיי וואָלטען לכבוד די פיש געוואָלט דאָ פּראַווען אַ גרויסע שמחה איבער׳ן טייך . . .

נאָכדעם האָט זיך ערשט אָנגעהויבען. דער טייך האָט זיך צושפּילט און צוזונגען. די כוואליעס, די פיש, די וואסער־גראזען, דער קאמיש, די בראָסקעס — אלע האָבען געטאנצט, פרעהלאך צוגעקלאפּט, זיך אויסגעמישט מיט אלערליי קולות און אָנגעקוועלט, ווי א מאסע זינג־פייגעלאך האָבען זיך דאָ צולאָזט, און אָהן אן עק וואסער־באשעפעגישען — סוועלען און לאכען, און העלפען אונטער מיט מעשענע טאצען. דער זיידע דערצעהלט אז ס׳איז איהם אזוי גוט גע־וואָרען אויף׳ן הארצען, אז ער האָט פּלוצים אונז געוואָלט לויפען אָנזאָגען די בשורה און אונז מיטרופען — נאָר ער האָט זיך ניט געקענט אפּרייסען אויף א מינוט. נאָכדעם האָט אָנגעהויבען בלאָזען פון די בערג, די גראזען האָבען זיך צעסווישטשעט, ווינטלאך זענען אָנגעלאָפען פון אלע זייטען מיט אזא פרעהליכען פייפען, וואָס מ׳הערט עס קיינמאָל ניט, און די ביימער העט ארום ברעג האָבען גענומען זיך דרעהן און בויגען און שושקען מיט׳ן טייך, ווי זיי וואָלטען איהם אנגעזאָגט גוטע בשורה׳ס, און אלסדינג האָט זיך אויסגעמישט אין א טומעל פון פרייד און געזאנג, ווי די נאטור וואלט דא געפּראַוועט א חתונה אויף׳ן טייך...

דער זיידע האָט זיך אזש ניט געקענט איינהאלטען. ער האָט אָנגע־הויבען קלאַפּען מיט א גדולה מיט׳ן שטעקען אָן דער לאדקע, צוגעקלאַפּט מיט א פוס, און זיך צוזינגען.

— וואָס־זשע הייסט עס, מאטעל ?

—, וואָס ס'איז ? . . . דער זיידע זאָגט אז איינמאָל אין יאהרען האָט זיך דער טייך אזא צייט. ביינאכט, ווען ארום איז שטיל, צעזינגט ער זיך, מיט א דאנק צו דער וועלט . . . אַלעמאָל קומט עס אוים אַקעגען זומער, ווען די פיש הויבען אָן לאָזען די איקרע, און דער טייך פרעהט זיך . . .

פון ווייטענס האָט מען שוין געזעהן די געל־לויכטענדיגע שייבלאך פון לאה'ס היים, ווי די שיין פון הענגענדיגע לאמטערנעס. אינוועניג איז געזעסען איציק־שלמה'לע, מיט'ן קאפּ אויף די צונויפגעפלאכטענע הענט אויפן נידעריגען טיש, און אלע מאָל האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, מיט א צעקרומטען פּנים. דאָס ווייב אויפ'ן דיוואניקעל איז געזעסען א שווייגענדיגע, ווי פאררוקט אין אן ענגען ווינקעל, איבער א קופּע וואל, אויסגעדרעהט און אויפגעצויגען פאדים אויף א שפּולקע, און אלעמאָל געקוקט דאָ צום מאן, דאָ צו דער טיר.

— גוט נאַוועגט ! . . .

— גוט נאַוועגט, קינדער . . .

— אזוי שפּעט ! — טהוט זיך דער פאטער א בייזער.

— זייט ניט ברוגז, רב איציק־שלמה'לע, — ציטערט מאטעל.

— כי־כי, — צעשמייכעלט זיך דעם פאטער'ס פּנים אזוי גוטמוטיג, ער טרייבט קאטאוועס . . . גראד מיט מאטלען מעג זיין לאה'לע געהן וויפיל זי וויל, — אפילו ביז טאג . . .

די יונגע האבען זיך אוועקגעזעצט. הינטער די פארשלאסענע ליפּען, ווי ביי טויערען פון א ברייטער וועלט, האבען זיך פלאמיגע ווערטער געריסען, גע־וואלט מיט אמאל אויפקלונגען אין דער שטוב־לופט, אויפוועקען א רוישיג־לעבע־האפטיגען אינטערעס, מיט ווארעמע בליקען — און ניט געוואוסט ווי דאס ערשטע ווארט ארויסצוזאגען. די לויזע טיר האט שטיל געקלאַמפּערט אויף די זאוויסעס, און געדרעהט די קעפּ צום דרויסען. מ'האט זיך ניט ווילענדיג צוגע־הערט צו דער רויהער נאטור הינטער די ווענט. דאס קרעכצענדיגע טיר־קלאפּען האָט אריינגעוויגט אין די הערצער גראָע געשיכטעס פון פארשאטענע וועלטען, און אנגעבראכט שרעקען פון אומענדליכע, פארווארפענע פוסטקייטען ערגעץ. די שטוביגע האבען געהאלטען אויפ'ן קאפּ זייערס, — און ניט געקענט זיך אפּ־

רייסען פונ'ם צוגעקומענעם פון דרויסען. דאָ האָט דער באַלעבאָס אַרויסגערעדט מיט אַן אונטערקול, ווי מיט אַ געוויש פון אַ טעמפּער זעג:

— ס'געהט שוין צו ווינטער.

מ'האט געשוויגען, ווי די אַרומיגע כלים.

— וואו זענט איהר ערגעץ געווען, קינדער?

— אין פעלד, — האט לאה'לע פאַרכאַפּט.

— נו, זיך גוט פאַרבראַכט, מאַטעל? — איז צוגעשטאַנען איציק־שלמה'לע.

דער יונג האט זיך צערודערט:

— כ'וויים? . . .

— הער, מאַטעל, כ'וויל מיט דיר עפּעס רעדען . . . שוין אַ שטיק צייט אַז דו פירסט זיך אַרום מיט לאה'לען און איר האט זיך ליב . . . וואס ט'זיין דער תכלית? . . . איר דאַרפט חתונה האבען, און שוין! . . .

אין מאַטלען האט מיט דער רגע זיך אויפגעהויבען אַ גדולה — און דאָ צום ענטפערען איז שוין דאָרט געוואָרען פינסטער, און ס'איז אַרויף אַ משא אויפ'ן קאָפּ:

— כ'וויים טאַקע ניט . . .

— הער מאַטעל, לאָמיר רעדען אפען, — האט דער באַלעבאָס זיך צוגע־רוקט נעהענטער. — האסט מורא פאַר דיין זיידען, אַ יאָ? . . .

מאָטעל האט ניט געענטפערט. איציק־שלמה'לעס פּנים האָט געפלאַמט פון בושה און וועהטאָג: „האָט זי אַזוי ליעב, זיין טאָכטער — און מורא? . . . האט געמיינט איז שוין מיט איהם פאַרטיג! . . . די לעצטע צייט איז ער דאָך ביי איהם ווי אַ קינד אין שטוב. ער רעדט צו איהם ווייכע פאַטער־רייד, שפּאַסט מיט איהם ווי מיט אַן אייגענעם זוהן, און זעהט אַלץ אַז מאָטעל זאָל זיך פיהלען היימיש, פריי. יעדען מאָל ווען ער טענה'ט מיט איהם, וואַרפט ער איהם אומישנע אַריין אַ וואָרט וועגען לאה'לען. ביים יונג שיינען דעמאָלט אויף די אויגען, און ער הערט שוין ניט אויף צו רעדען. איז ער אַלץ זיכער: דער טייך, דאָס גרויסע גוטס פאַר די אויגען וועט דורך מאָטלען אַריין אין

זיינע הענט... ער ציהט איהם, דער טייך, ווי א כישוף... די לעצטע פאָאר חדשים איז ער דאָרט אזוי אָפט, אז ער איז שוין באקאנט מיט יעדעם ווינ־קעלע, ווי אן אמת'ער באלעבאס. ער האָט געמאכט אביסעל געלד פון פאר־קויפען פיש צו די דאָרפס־גוים, לאה'לען צוויי וואָלענע קליידלעך געקויפט, איינגעהאנדעלט עטליכע אייגענע נעצען אין שטאָדט — און אין שטוב איז פרעהלאך, א מחיה. איז טאג נאך טאג ווערט דער חשק גרעסער, דאס אוועק־געהן מיט די אייגענע נעצען צו די ווייטע טייך־ווינקלען — ליעב, ווי א שעהנע, הארציגע געוואוינהייט, און ס'ציהט איהם אהין אן אייזען־פעסטער בוח, לאָזט ניט איינרוהען."

— וואס זאָל ער איצט טאָן?

— הער, מאָטעל, דו און לאה'לע האבען זיך ליעב, א יאָ? צו וואס־זשע זיך ארומשלעפען? מ'האָט חתונה, מ'ווערט א באלעבאָס, ווייסט מען מ'איז מאן און ווייב. מ'בויעט זיך אויס אַן אייגען ווינקעלע, אַ נעסט, און מ'לעבט זיך שטיל, פיין, און מ'האָט זיך ליעב. ניט אזוי?... און דו, מיין טייערער, דארפסט זיך איצט פונ'ם טאטען און זיידען ניט דערווייטערען. פארקעהרט: ארבייט, און ווייז זיי אז דו ביזט זיי געטריי, ווי אן אייגען קינד, פארשטעהסט?... אייביג לעבט מען ניט, און דיין ירושה, קינד מיינס, איז ניט אפצושאצען...

איציק־שלמה'לע האט זיך אויפגעהויבען, צוגעשפאנט צו מאָטלען מיט דער פעסטער הויך זיינער, שוואַרץ־האָריג פנים און שארפע סאווע־אויגען, ארויפגעלעגט א האנט אויף זיין אקסעל, און זיך צעגאָסען אין אזא פאטער־ליכער ווייך־בארײדעוודיגקייט, אז די גלעטענדיגע, צארטע ווערטער־קלאנגען זע־נען ארייגעפאלען אין מאָטעל'ס הארץ, ווי לירישע מוזיק־טענער, און זיך צע־שפרייט איבער'ן לייב מיט א מחיה'דיגער ווארעמקייט. יא, יא, גערעכט, לאה'לעס טאטע... אזוי וועט ער טאָן... אך, שעהנע וועלט! וואָסערע ליכ־טיגע גדולה־טעג ס'קומען אָן! ווי שעהן זיי וועלען שיינען! . . . אז ער וועט אריין אין זיי, וועט ער דאָך באגעגענען אזא טייערען גן־עדן, ווי אין א וועלט פון מחיה'דיגע קוואלען, וואָס צוגעהען זיך מיט א דערקוויקענדיגער פרישקייט אין די אברים. זיסע טעמים! יענע טעג וועלען זיין אייביג... יא, וועט טאָן אַלעס, אבי ער זאָל שוין דערלעבען דעם טאָג ווען לאה'לע וועט זיינע זיין... קוק נאר אָן ווי זי זיצט מיט די גרויסע, טרויעריגע אויגען לעבען דער מאמע'ן אויפ'ן

דיוואניקעל, טוליעט זיך אָן איהר, און צאַפּעלט זיך ווי אַן אָרים פייגעלע. וואָס איז לאה'לע? וואס זאָרגסטו?...

— נו־־?

— הא?... אודאי אזוי, וואו'דען?...

אין מאָטלען האָט זיך א ווייל'ע עפּעס וועהטאָגדיג איינגעקארטשעט, זיך איינגעהילט אין פינסטערניש — און די גרויסע אויגען פון אקעגען האבען באלד א שיין אָנגעצונדען, און א גאָס געטאָן אין הארצען א ווייכען הייל־בוימעל. לאה'לע האָט זיך האסטיג אויפגעהויבען, צו צום פענסטער, און אראָפּגעקוקט צום פינסטערען טייך. די מוטער האָט נאכגעשפּירט, און געקוקט צי דער פאַ־טער קוקט. מאָטעל האָט זיך אויפגעהויבען מיט א וועהטאָג, וואָס לאה'לע ליידט נעבאך אומזיסט און אומנישט.

— א גוטע נאכט.



קאפיטעל ח.

## הערשל׳ס האָפנונגען

זונטאג. א יאריד היינט אין שטעדטעל. די גויים פון די ארומיגע דערפער פאָהרען זיך צונויף אויף׳ן גרויסען מארק־פלאץ, הינטער דער שטאָדט. ס׳ווערט א רעש, א געטומעל וואס פארגרעסערט זיך מיט יעדער מינוט. ס׳שטעהען געזונטע, ברייט־פלייציגע פויערים מיט דיקע, ברוינע פנים׳ער און צעאקערטע הויטען, מיט הויכע שאָפענע קוטשמעס איבער די אויערען אראָפּגע־שלעפט, שטעהען לעבען זייערע ווייבער אויף די וועגעלאך איבער אלערליי אויבסען, קעז און אויפגעדעקטע פעסלאַך ברינזע, און קוקען ארוים אויף די לאחדים־קונים פון שטעדטעל. דאָ און דאָרט שטעהען הויכע בוידען מיט ליי־ווענטענע דעכער, פון הינטען שטעהען די פויערים־באלעבאטים ביי אן אויס־שטעלונג פון עטליכע קליינע טעפּלאך אויף דער ערד, און אינוועניג ליגען גרויסע טעפּ פאר באָרשטש און קאָך־טעפּלאך, שיסלען און קרוגען פאר מילכיגס און גרוי־סע, ברוינע שטיינערנע כלויעס מיט צוויי אויערען פאר „געזייערטס“, אלעם פאר־פאקעוועט אין שטרוי, ווי קעסטעלאך דימענטען. וועגענער מיט אנגעהאקט האלץ און לאנגע בוימער אויף ווינטער־הייצונג פאָהרען דורך צום עק מארק, און די אָנגעפּלאָנטערטע צווייגען שלעפּען זיך נאך און רייניגען אפּ דעם ווייסען ווינ־טער־וועג. אלע מאָל ווערט געדיכטער און ענגער, די קולות ווערען מעהר און שטארקער, ווייל יעדער איינער וויל איבערשרייען דעם גאנצען מארק־טומעל — די שטימען פון צערודערטע מענש און בהמה. צווישען הו־הא פון פארקויף־אויסרופען, הירזשען פון אויסגעהונגערטע פערד איבער׳ן אויפגעהאָנגענעם זאק קאָרמע אויף׳ן דישעל־עק, און דאס שרייען פון עופות, הערט זיך גרילצענדיג ארוים דאס הייזעריגע ריטשען פון חזירים וואס מ׳האלט אין פענטען.

אין דער פריה. דורך דער נאַכט איז אויסגעפאַלען אַ שנעע, ליגט ער שוין איצט מיט איינגעטראָטענע, טונקעלע טריט־פלעקען — פריה־פארדאָרבענע יוגענד־שעהנקייט. ס׳האָט דער שטאָדט־מענש דעם שנעע אפילו ניט אָנגעקוקט. א יאריד היינט! פארלאָזט דער האנדעל־וואנדעל־מענש הויז און קלייט, יאָגט זיך, א פאר׳דאגה׳טער, מיט אלע אברים: וואס זאָל ער נאכ־

זוכען, און אז ס'ט זיך עפּעס מאכען — ווי זאָל ער עס אויסדרעהן, דאס גע־שעפט? — און אז אויפ'ן וועג ריהרט זיך א צווייגעלע און טרייסעלט אפּ אויף איהם א זשמעניע שנעע פון די אָנגעלעגטע הורבעס אויף די בוימער, ווארפט זיך דער מענש אין ווילדען רוגז: „וואס טוען דאָ אין גאס די בוימער, צום טייוועל!..." צווישען די אָנגעפּאָהרענע פויערישע פיהרלאך האבען זיך גע־נומען ארויסיאווען צעטראגענע אידען־סוחרים מיט אויפגעבלאנקטע, זוכענדי־גע אויגען, ווי ביי אויסגעהונגערטע פייגעל, אָנגעלאָפען פון אלע זייטען מיט פי־בערישען נייגיר און גערודער, און באלד ארייננעקראכען מיט די הענט אין די וועגעלאך, צו די דאָרפישע מציאות. מ'האָט אזש פארגעסען אָן דער קעלט. ווייסער פראָסט און ווארעמער אָטעם האבען זיך באגעגענט אונטער רויטע נע־זער, זיך אויסגעמישט, און צו די אידישע, אראפּגעלאזענע וואנצעס האָט זיך צוגעקלעפּט א הארטער שנעע מיט אייז־עקלאך, געקאפּעט איבער די ליפּען — און די הענט זענען געווען פארטאָן אין די וועגעלאך. דער פויער ווערט יום־טוב'דיג אין די ערשטע פרעסט, לאָזט ער זיך אין מארק־טאָג אין שטאָדט אריין. שטעלט זיך היינט א גרויסער מארק.

הערשעל כיטראק האָט היינט איינגעקויפט מציאה'ס, איז ער פרעהלאך, אז ס'וויל זיך איהם אזש טאנצען: „הלואי, רבונו של עולם, זאָלען זיך נאר שטעלען שעהנע טעג, וועט זיין א וואך מיט ברויט און קוילעטש." האָט ער נאכ'ן יאריד, נאך מיטאג, פארבעטען צו זיך „גוטע ברידער" עפּעס „איבערצו־כאפּען". דאס זענען געווען מענשען פון זיין פאך — פיש און פרוכט הענד־לער — א פּאָאר פון די ארומיגע שטעדטלעך, און דער אלטער שלמה קעך, מיט'ן קול פון א פּאפּוגאי, און מיט א הוזק'דיג־קורץ קאפּאטקעלע, א ירושה פון זיין קליינינקען טאטען — איז אויך דאָ געווען. מ'האָט זיך אויסגעזעצט אויף פיער־עקיגע טאבורעטקעס ארום אויפגעדעקטען טיש. הערשל האָט ארייננערופען פונ'ם הויף דעם עלטערען זוהן חיים, געהייסען איהם אוועקווארפען דאס ביכעל מיט די „פּוסטע מעשה'ס", און איהם אוועקגעשיקט מיט א טשייניק צו איציק שענקער נאך דריי אָקעס פונ'ם „רויטען".

—'סט זאָגען דער טאטע האָט געהייסען געבען פונ'ם בעסטען...

נאָכדעם האָט ער ארויסגעשפּאנט אין דרויסען צום ווייב, ביי די אָנ־געשטעלטע פרוכט:

— פריידע, ׳סט אפשר אריינגעהן עפעס מאכען פאר די מענשען? נאר ניט געזשאלעוועט...

— וואס זאָל איך מאכען, הערשל?

— כ׳וויים? אייער איז דאָ אין שטוב? ט׳ל איך אריבערלויפען נאך אַ שטיקעל קישקע, ׳סטו אָפּפּרעגלען.

הערשל האט געבראכט קאלבאס, זיך אָפּגעשטעלט ביי די פרוכט, און פריידע איז אריין אין שטוב דאס אָפּפּרעגלען. שפּעטער איז זי ארויסגעקומען: „שוין, הערשל, געה אריין.“ דער אינגעל האָט געבראכט דעם ווײן, אוועקגעשטעלט אין קיך לעבען טאטען. הערשל האָט גענומען אין איין האנט דעם פּאַלומעסיק, אָנגעלעגט מיט די הייסע רייפטלאך וואורשט, אין דער צווייטער — דעם טשייניק, און אריינגעטראגען צו די געסט מיט א מילדער הכנסת־אורחים־מינע:

— נו, זיך גענומען צו דער אכילה.

— צו דער משקה מיינסטו, — האט איהם איינער פאררירכט.

— זאָל זיין צו דער משקה, — האָט דער באַלעבאָס געשמייכעלט — אָבער פארגעס נאָר ניט אז דו דארפסט נאָך היינט אהיים פאָהרען אויך . . .

א נעסט פון ברידער. פון די פּראָסטע הערצער האָט זיך איבערגעגאָסען פון איינעם צום צווייטען אזא זיסע ווארעמקייט און גוטסקייט — מ׳וועט זיך באלד האליזען און קושען. נישטא אויף דער וועלט קיין דאגה׳ס, נישטא! . . . מ׳איז געזעסען מיט מגושם׳דיגע, רויט־אויפגעפלאמטע פּנים׳ער, וואס האָבען זיך גאָר דערוואַרעמט נאָכ׳ן קאַלטען דרויסען. די אויגען האָבען אויפגעגלאנצט, ווי גרייטענדיג זיך צו א גרויסען יום־טוב, און מ׳האָט גענומען פרעהלאך טענה׳ן, אויפרווישען, און דערביי געארבייט מיט די הענט און אלע אברים. האָט מען זיך שוין איבערגעווארפען מיט צוויידייטיגע גאס־ווערטלאך, געלאַכט פונ׳ם קויט אינוועניג, גוטמוטיג גערוקט זיך מיט די עלענבויגענס, און האלז און גומען האבען געשמאכט נאך א טראפּען פון טשייניק. „העי, הערשל, וואס גיסטו ניט אָן!“ — האָט איינער אויפגעשריען. „און אליין ביסטו חולה, — האָט זיך הערשל אָנגע׳ברוגז׳ט — פון ווען אָן ביסטו געווארען א מענש מיט דרך־ארץ? ... „טאַקע גערעכט, הערשל, — האָט זיך עמיצער אָפּגערופען, און האָט אָנגעגאָסען די גלעזער. ס׳האָבען פרעהלאך אויפגעהילכט די „לחיים׳ס“. גלאָז נאָך גלאָז. אויגען

האָבען רויט אויפגעלויכטען. מ׳האָט זיך אנגעפילט מיט א שווערן, צוגאסענעם בליי אונטער דער הויט און אין די ווארעמע לייבער האָט זיך צעשטראָמט די לוסט פון פרייען מענשען: „העי, וואָס לעבט מען אויף דער וועלט!" . . . ס׳האָט אויפגערוישט מיט אמאָל א הויכער גרילצענדיגער ברודער־געזאנג, און א צעברויז־טער, פלאמענדיגער חשק האט זיך געריסען צום אומבאגרעניצטען הוליע.

זלמן „שוויצער" האָט אריינגעגאָסען די צווייטע כוס׳ע, און דאָס מויל האָט זיך איהם שוין אויסגעקרימט, געבאלאקעט אויף וואָס די וועלט שטעהט, און האָט אָנגעהויבען א יעדען איינעם סמאָטשקען: „זייליג, הערשל, קום נאָר אהער . . . גיב אהער דעם פיסק, דו פאסקודניאַק ! . . ." חברה האָט געקוועלט, געגעסען, געטרונקען און געזונגען, און אלע מאָל זיך איבערגעריסען מיט ווערטלאך און ווילד־אויסגעזעצטען געלעכטער. דאָ איז אין מיטען זינגען איינער אריין מיט א נייעם ניגון, האָבען א פאָר איהם אונטערגעכאפט, זיך צעשריען מיט גרילצענדיגע קולות, און ביז אלע זיינען איבער צום נייעם, האט מען דערווייל זיך אויסגעמישט מיט צוויי פרעהליכע ניגונים, און ביידע גרופעס האָבען שטארק הנאה געהאט. הערשל האָט מיט זיין שעהן־קלינגענדיגער שטימע זיך געדרעהט הינטער די חברים׳ס פלייצעס, ווי א נאאיווער, געטרייער משרת, און געקוועלט. דאָ האָט זלמן אויפגעהויבען דעם טשייניק, און זיך אָנגע׳רוגז׳ט מיט׳ן אויסגעקרימטען מויל אויף הערשלען:

— דו, הערשעלע כיטריאַק, ווען ווילסטו אָפּנארען? דער טשייניק איז דאָך ליידיג ! . . .

— הערט, קינדער, דאָס מאָל צאָהל איך, — האָט וואויל־יונגיש א זאָג געטאָן מעכיל קירע. האָט מען געבראכט נאָך וויין, געגעסען און געטרונקען.

— קינדער, — האָט א קלאַפּ געטאָן אין טיש בערל מאָפּס, לאָם איך אייך דערצעהלען ווי כ׳האָב איינגעהאנדעלט מיין וועגעלע עפּעל: איך, אז איך וויל קויפען א וואגען ציגאנקעס. *) א שטייגער, קויף איך מיר פריהער א פאר פוד פון די זעלבע עפּעל, און שיט מיר אריין אין וועגעלע. קויף איך היינט ביי אן ערל א וואגען עפּעל, און פיהר איהם צו צו א וואג לעבען א קלייט. מ׳וועגט אָפּ דעם ערשטען קויש — שיט, ברודער, אין וועגעלע ! . . . שיט ער אריין איין קויש, צוויי קוישען — און מ׳פארשרייבט. הקיצור: פינף קוישען. ס׳קומט צום

---

*) א סארט רויטע עפּעל.

אונטערציהען, איז ארוים עלף פוד. כ'האָב איהם, הייסט עס, גוט דערצעהלט די מעשה . . . וויפיל, זאָג איך, קומט דיר, מאָשעלי?**) און איך נעם זיך צו דער קעשענע. ווערט מיין ערל אנגעצונדען, און צערעוועט זיך, נעבאך, אויף אזוינע קולות, אז דער גאנצער מארק איז זיך צונויפגעלאָפען. וואָס טוט מען ? און דאָ קומט אָן א סטראזשניק. הער נאָר, — זאָג איך צום סטראזשניק — וואָס מיינט ער, דער מאלדאוואן ? ער וועט מיך מאכען פאר א גנב, און איך וועל שווייגען ? מיר וועלען איבערוועגען די עפעל נאָכאמאָל . . . כ'האָב געהאט, זאָג איך, אין מיין וועגעלע אכט פוד עפעל . . . איהר פארשטעהט דעם חשבון ? . . . וואס ס'געוואָרען, פרעגט איהר ? וואָס זאָל ווערען ? אודאי בין איך ארוים דער גע־רעכטער, ווער דען ? . . . לחיים, ברידער !

— וואָס א ממזר קען, — רופט זיך אָפּ שלמה קעך.

— ביי זיבעצעען פוד „איינמאכען“ זעקס, — באמערקט הערשל — ניש'קשה'דיג באפליקט !

— זיי ניט קיין יאלד, — מאַרעט מעביל שטילערהייט הערשלען. — די גאנצע מעשה איז אמת ווי איך בין א רב . . .

דערהערט דער אלטער שלמה מעביל'ס סוד, און שפּרינגט אריין :

— זאָג נאָר, בערעלע, לעבען וועמעס קלייט האָסטו אָפּגעוואייגען די עפעל ? . . .

— אָ־אָ־אָ, פר־ר־ר ! — האָט בערל מאפּס אויפגעזאַטען. — וואו ביסטו פארקראָכען, באלאַנטשיק ? מיינסט דו קריכסט דאָ דורך די פענסטער צו די דינסטען אין די קעכען אריין ? דו אלטער קאטער ! . . .

— שאַ, אַט האָסטו דיר, — דערשרעקט זיך שלמה קעך. — כ'פרעג דאָך דיך גלאַט אזוי. וואָס זשע, כ'גלויב דיר דען ניט ? . . .

— נו, זאל זיין שטיל, — איז איינער אריין מיט א שלום. — ר' שלמה האָט גאָרניט געמיינט . . .

אויפ'ן טיש איז אלץ געוועען אראָפּגערייניגט, ווי נאָך א געשמאקען ארעמ־מאָלצייט. אין דער לופט האָט זיך איינגעזאפּט א פעטער, נודנע־שטיקענדער וויין־ריח, אויסגעמישט מיט העגנענדיגע וואלקענס ציגארען־רויך אונטער דער סטעליע,

**) אַלטיטשקער.

וואָס אַ פּאָר האָבען דאָ אָנגעבלאָזען — און ס'האָט געריסען אין האַלז פונ'ם איינגעפּיפּקעטען ניקאָטין אינעווענינ. ס'איז געוואָרען שטילער. אָוועגט האָט זיך אַ שאר געטאָן איבער שויבען מיט אַ נעבעל־אָטעם, אָנגעהויבען קריכען אין די שטוב־ווינקלען, זיך אויסשפּרייטען, און פון ערגעץ איבער אַ נידעריגען דאך האָט אַ פאַרשפּעטיגטער שטראַל זיך דורכגעריסען, און זיך קאַלט אַ שפּיל געטאָן מיט די באַשאָטענטע שויבען. מ'האָט זיך אויפגעהויבען, און אַ ווײַלע געשטאַנען ביי די טאַבורעטקעס שווייגענדיג: דרך ארץ! ס'קומט אַ מאכט, וואָס שענקט דעם מענשען רוה. דער פרעכער טומעל־דרויסען האָט זיך איינגעהאַלטען. דאַ, אינווענינ, אַרום טיש, האָט זיך געשוימט אין די לייבער אַ וואַרעם־סאָבינע פרעהליכקייט, וואָס וועט באַלד אויפשאַלען אין דער נאַכט איבער די פרייע פעלד־שליאַכען מיט צעברויזטע רווישיגע טענער און הפקר'דינען הוליע, זיצענדיג אויף די וועגעלעך — און מ'האָט איצט זיך איינגעצוימט: זאָלען איבערגעהן די הייליגע מינוטען פון אָווענט־אַנקום.

ס'איז אַריינגעקומען פריידע.

— הערשל, מ'דאַרף אַריינגעמען די סחורה, ס'ווערט נאַכט.

מ'האָט זיך אויפגעריהרט. איינער האָט אָנגענומען זלמן'ען אונטערן אָרעם, געהאָלפען אַרויסגעהן.

— זאָלסט ניט פאַרפאָהרען צוריק אין שטעדטעל אַריין, זלמן.

— נישט ביי „מאָטיען".

הערשל האָט איינגערוימט מעכיל קירע'ן אויף אַן אויער ער זאָל אונטערוואַרטען, ער וויל איהם עפּעס זאָגען. די סוחרים האָבען אָפּגעצויגען די וועגעלאך, און אָוועק. מעכיל האָט געהאָלפען הערשלען אַריינטראָגען די קוישען פּרוכט אין פּראָנט־צימער. נאָכדעם איז מען אַריין אין שטוב.

— הער אויס, מעכיל, — איז הערשל מיט צוויי צעשפּרייטע פינגער אַראָפּ איבער די וואָנצעס, כ'וויל מיט דיר רעדען אַ נויטיגע זאַך: דעם טייך הינטערן שטעדטעל קענסטו דאָך גוט, ווייסט דאָך וואָסערע אוצרות ס'ליגען דאָרט באַהאַלטען. איז אַ סברה אַז דעם טייך זאָלען די פישער איצט פאַרקויפען. פאַרוואָס? הער־זשע, ל'איך דיר דערצעהלען:

— אַז ביים טייך איז ניט אַזוי פרעהלאַך, ווייסטו דאָך שוין. די שנאה פון חיים־בערן צו איציק־שלמה'לען פון יענער זייט איז מסוכן־נפש. ווייל מען

דאָך אוועקרייסען מאטלען פון דארט, מ׳קען דאך שוין דעם וועהטאג מיט דער בושה ניט אריבערטראָגען, און מאָטעל — איינמאָל ניין, פארליבט איבער די אויערען; וועט פון איציק שלמה׳לע׳ס מיידעל, זאָגט ער ניט אוועקגעהן . . . און איציק־שלמה׳לע אליין ווערט וואס אמאל ערגער. ס׳האט איהם, ווייזט אויס, פּאַליובעט, דעם חברה־מאַן! ס׳געהט שוין ניט איבער איין נאכט אהן גנבה׳ס. און ווייסט ווי ער געהט איצט אויפ׳ן טייך? מיט א ביקס, פונקט ווי די פּי־שער — און טאָמער עפּעס שיסט ער. נו, האט מען גענומען און אוועקגע־שטעלט דעם בערעשטעטער שייגעץ טימאפעי פאר א סטאָראָזש. יענער איז דאך א יונג מיט ביינער, האסט׳יך איהם געזעהן, א יאָ? מיינסטו אפשר אז איציק־שלמה׳לע האט זיך איבערגעשראָקען? אַ נעכטיגער טאג! דער אלטער איז שוין קראנק פון צרות, האלט זיך קוים אויף די פיס. א כלל, ברודער, מיר דאכט זיך אז דעם טייך קען מען איצט האבען פאר א טאָפּ לינזען. וואס זאגסטו?

— יא, אבער זאג נאר, גוטער ברודער — האָט זיך דער ברייט־ביינער־דיגער מעביל פריציש א שטרעק געטאן, אנגעבלאָזען דאס ברייטע פּנים, און אנ־גענומען די קורצע, שווארצע באָרד, — ווי איז דער דין, אז איציק־שלמה׳לע וועט נאָכדעם טאן דאס, וואס ער טוט איצט? וואס־זשע, אויף אונז ט׳ער לעגען כבוד? . . .

— זעהסטו, מעביל, דאס איז שוין די לעצטע דאגה: אז דער פּריץ איז מיט מיר א גאנצער שמעלקע, און נעמט פאר מיר איין א מיתה משונה, דאס ווייסטו דאך . . . א נו לאז ער זומער פארקויפען די פּרוכט פון זיין סאָד עמי־צען אנדערש א חוץ הערשלען — לא מיט א ספּאָדעק! שוין פופצעהן יאהר אזוי . . . איז גלויב מיר, אז איך׳ל ארויפגעהן אין הויף, און איהם זאגען: אדוני פּריץ, מיר שטעהט פאָר ביים טייך אַ גליק, נאָר אָט דער איציק־שלמה׳לע שטעהט מיר אין וועג ווי אַ שטן — אה־אָט, מעגסט שוין זיין באוואָרענט אז מאָרגען זעהסטו איהם ניט. פארשטעהסטו שוין?

— נו, נו, וואס זשע?

— הער זשע, מעביל. מיין געדאנק איז, אז מיר זאלען נעמען דעם טייך בשותפות. וויפיעל חיים־בער ט׳מאנען — איז ער ווערט צוויי מאל אזוי פיעל. אז חיים־בער וועט איצט דערהערען „פארקויפען דעם טייך", ט׳ער זיך אנכאַפּען מיט הענט און מיט פיס. און נחום? — ער׳ט זיך פשוט מחיה זיין: דער מענש געהט דאָך ארום אָהן אַ קאָפּ. פארשטעהסט? איהם איז גאָר ביטער; דאָ איז ער

א באַלעבאָס, טוט וועה דאס האַרץ פאר'ן טייך, אויפ'ן טאַטען איז א ביטערער רחמנות, און ס'א פאַרדרוס אויפ'ן זוהן וואָס האָט זיך אויסגעקליבען דעם שונא פאַר אַ מחותן — און דא איז דאך מאטעל פארט אן אייגען קינד... אז נחום וועט דערהערען אז ס'דאָ א קונה אויפ'ן טייך, ט'ער צולעגען אַ פלייצע . . . אַ כלל, ברודער מעביל, מ'דארף זיך צואיילען.

— הער אויס הערשל, לאָמיך דיר גיבען צו פארשטעהן — האָט זיך אָנגעשפאַרט דער ברייטער איד אויפ'ן טיש מיט די עלענבויגענס, און געקוקט אויפ'ן חבר מעשה חכם — מילא דאָס געשעפט, ווי דאָס געשעפט. געלט, ווייסטו דאָך, וועט מעביל קירע שוין געפינען. אָבער דאָ איז אַן אַנדער זאַך: צום טייך דארף מען אכטונג גיבען, און איך וואוין ווייסיך וואו. ווי זשע קומט די קאַץ איבער'ן וואסער?

— וועגען דעם האָב איך שוין אויך געטראכט, — האָט הערשל געהאַט אַ פארטיגען ענטפער — אבער לאמיר רעדען אפען: איך, ברודער לעבען, קיין געלט האָב איך ניט. וואָס זשע דען? איך, פאַרשטעהסטו, קען אַרבעטען, לויפען, פליהען — דאס קען איך. איז אויב דו ווילסט, קויפען מיר דעם טייך בשותפות: דו ס'טאַריינלעגען געלד און איך — ארבייט.

מעביל האט א מינוט איינגעשוויגען. האט איבערגעטראכט אז הערשל איז אן עהרליכער, אז סיי ווי קען ער אוועקשטעלען זיינעם א „מענשען" לע־בען הערשלען; אז טאָמער לאָזט ער דורך אַזאַ גאָלדענע געלעגענהייט, קען איהם אייביג באנג טאַן, און אליין עס אונטערצונעמען ט'זיין צו שווער פאר איהם — און זיך אויפגעכאפּט.

— זאג נאָר, הערשל, האסט טאַקע גאר קיין געלד ניט? פארשטעהסטו: ס'דאָך פארט געשעפט. ווי זאגט דער מאלדאוואן: „פראטי קו פראטי, שע ברינזע קו פאראלי". *)

— פון וואנען זאל איך האָבען געלט, מעביל? פון מיינע אכט קינ־ד'ערלעך, קיין עין הרע, וואס אלע ווילען עסען, און קיינער טונקט ניט איין א פינגער אין קאלט וואסער? דערפאר אבער — קענסט דאך הערשלען: דער טייך וועט ליגען אין גוטע הענד. און נאָך אַ זאך: זאָג דעם אמת, מעביל, דיר וואלט חיים בער אוועקגעבען דעם טייך אזוי וואלוועל ווי מיר? . . .

*) א ברודער איז א ברודער, און ברינזע — פאר געלט.

מעביל איז געווארען ריהרעוודיג און באשלאָסען :

— ווען־זשע, זאָגסטו, זאָלען מיר זיך זעהען מיט חיים־בער׳ן, הערשל?

— אַפילו מאָרגען.

— גוט. איז, הייסט עס, מארגען בין איך ווידער דא, — האָט זיך מע־ביל אויפגעהויבען. זיי מיר געזונט!

— א גוטע נאַכט, פריידע! — האָט ער אין קלייט אנגעקלאפּט הערשל׳ס ווייב אויף דער פּלייצע, און אויפגעלעגט איהר א קיצעל געטאן אונטערן ארם.

הערשל האָט צוגעקייטעלט די פּאָדער־טירען, און אריין מיט׳ן ווייב אין שטוב. ס׳איז געוואָרען ליכטיג. קליינוואַרג האָט זיך ארויסגעשארט פון די פארשטופּטע שאטען־ווינקלעך, אויפגעלעבט, און די גרעסערע זיינען אריין פון דרויסען ראשיג־אומגעלומפּערט, אָנגעבראַכט קעלט און טומעל. פריידע האָט זיך אָוועקגעשטעלט אינמיטען זשום מיט די דאלאניעס אויף די אויערען, און נאָכדעם אויסגעצויגען די הענט א פארקרומטע: „גאָט איז מיט אייך, קינדער־לאַך, וואָס רעש׳ט איהר אזוי!“ הערשל איז געוואָרען בייז, און עפּעס ניט גע־קענט זיך צושרייען מיט זיינע געוועהנליכע באַלעבאָס־געשרייען, ווי תמיד אין קינדער־טומעל. מ׳האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט, ארומגעזעצט ארום טיש. פריידע איז אריין אין קיך, הערשל נאָך איהר.

— פריידע . . .

— האָ?

— דאכט זיך, טייערינקע, אז ס׳הויבען זיך אָן ביי אונז גוטע צייטען.

— וואָס הייסט, הערשל?

— אָט אזוי הייסט עס . . . אז איך זוך ארום א קונה אויפ׳ן טייך ווייסטו דאָך. נו, האָב איך נאָר וואָס גערעדט מיט מעבלען — און וואָס טויג דיר מעשה׳ס: ס׳ט געהן א גאַנג . . .

— אך, — האָט פריידע׳ס פּנים גליקליך אויפגעשיינט — ווען גאָט העלפט מ׳גלייכט זיך אויס . . . ווער ווייסט, הערשל, אפשר איז אונז באַשערט מיר זאָלען איצט אויפגעריכט ווערען? . . .

— מ׳וועט זיך אויסגלייכען, פריידע, וועסט אומיסטען זעהן. פרעג שוין ניט וואָסער א העליש פייער ס׳ברענט איצט ביים טייך. זיי וועלען נעהמען

וויפיעל מען וועט זיי געבען, אבי פּטור ווערען און אנטלויפען . . . הערסטו מיין ווייב, אז איך גיב אַ טראַכט ווי מיר מוטשען זיך מיט אונזער „סעמעיסטווע“, קיין עין הרע, און דאָס גליק וואָס אונז שטעהט פאָר — ווילט זיך מיר גאָר וויינען . . .

— יאָ, שוין צייט — האָט ביי פריידע׳ן אין דער אויפגעהענדיגער האָפנונג־פרייד זיך דורכגעריסען אַ קרעכץ. — אין גאַנצען שטעדטעל איז נאָך דאָ אַ איד וואָס האָרעוועט אזוי שווער ווי דו? דריי ביינאַכט, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, לויפסטו שוין צום דיניצענער בארג, פאַרכאַפּען דאָס ערשטע ווע־געלע פרוכט . . . פיש פאַרקויפסטו אויך . . . לויפסט און פליהסט ארום אַלע יאָהרען, און הארעוועסט ווי אַן אייזעל . . . און וואָס האָבען מיר? . . . אפשר טאַקע אין אמת׳ן וועט שוין דער אייבערשטער רחמנות האָבען . . .

— ניט געזאָרגט, פריידע. סט׳נאָך אומיסטען זעהן ווי גוט ס׳ט אונז זיין. די ערשטע צייט ביז כ׳וואָלט זיך „אשאזעט“,*) וואָלסטו נאָך דאָ גע־שטאַנען מיט די פרוכט, אָבער נאָכדעם—ווער דאַרף עס! . . . דו גיסט אַכטונג אויף דער שטוב, איך מיט חיים׳ען—ביים טייך, און ביינאַכט—אַ סטאַראָזש . . .

— און איציק־שלמה׳לע, הערשל? . . .

— איציק־שלמה׳לע? כי־כי! . . . און וואו איז דער פריץ? ווייסט דאָך, אַז כ׳ל אַריינגעהן צום פריץ, און איהם דערצעהלען אַז איציק־שלמה׳לע טוט מיר שלעכטס — פאַרטרייבט ער איהם ווי אַ הונט. וואָסי, ער לעבט פון איהם? . . .

הערשל האָט זיך געלאָזט צום טיש, און פריידע האָט אָפּגעזיפצט הינטער זיינע פּלייצעס, מיט דער הייסער שיסעל יויך אין די הענט.

— וואָלט שוין געוואָלט דערלעבען, רבונו של עולם . . .

---

*) איינגעאָרדענט.

### קאפיטעל ט.

## אַ ווייסטער אָפּשניט

ווינטער. אַ שטילער, ווייסער אומעט ליגט ביים טייך. דאָס געראַויש פון וואַסער הערט זיך שוין ניט, דער קאָמיש שטעהט אַ שווייגענדיגער, אָנגע־בויגען, ערטערווייז אויסגעשניטען און טוט זיך קיין ריהר ניט. אויך דער ווינט איז די לעצטע טעג אויפ'ן וועג ערגעץ שטיל פאַרהאַקט געוואָרען און קומט ניט. אַלץ האָט זיך אונטערגעגעבען דער קאַלטער מאַכט, און שטום איינ־געגליווערט. שטעהען די בוימער אומבאַוועגליך, פאַרטראַכט, ווי אין צער־חלומות, צעשפּרייט מיט די נאַקעטע, אָפּגעלאָזענע צווייגען־שטעקענס, ווי באַ־שינדען פון אַן אַכזר'ישער האַנט, און אָנגעלעגטע שניי־קופּעס באַהאַלטען זיך אויבען אין די ווינקלען, ווי ווייטע נעסטען. דער טייך איז געפראָרען—אַ ברייט־אויסגעשפּרייטע דעק אין ווייסען גלאַנץ פאַרגליווערט. איינזאַם שטעהט דאָס פישער־הייזעל מיט'ן אָרימען שטרוי־דאַך פון זילבער־פראָסט באַאָטעמט, און קוקט אַראָפּ מיט וועה־בענקשאַפט צום אָפּגעשטאָרבענעם טייך: „ערשט גע־רוישט אַזאַ שעהן לעבען, מיט טויזענדער טאַנצענדיגע פישלאַך אויפ'ן אויבער־פלאַך, מיט'ן שפּילעוודיגען, לעבעדיגען קליינוואַרג — די אָהן אַ שיעור לויפענ־דיגע קינדער־בוואַליעכלאַך, זיך אַרומגעשפּילט מיט'ן גאָלד פון דער זון, און באַשיינט און דערמונטערט דעם גאַנצען ברעג, און מיך — און איצט האָט זיך דאָס מוטער האַרץ צוגעשלאָסען . . . „וואָס קען איך טאָהן אַזוי איינזאַם? . . .“
האָבען די ווענט זיך צער'דיג אָנגעבלאָזען, זיך באַדעקט מיט גרויסע קיילעכדיגע טראָפּענס ווי באָב, און זיך צוגאַנגען אין אַ טרערען־גוס. די פענסטער האָבען זיך געוואָרפען אין קעלט, און פינסטער געוואָרען, און די טיר האָט זיך שוין זעלטענער געעפענט. די פישער האָבען אַרומגעשפּאַנט אין דרויסען איבער בלעטער, אָפּגעשמיסענע צווייגלאַך און טויטע, איינגעטראָטענע גראָזען, אויס־געמידען איינער דעם צווייטען ווי מיט אַ בושה פאַר דער אַרומיגער טויטקייט און פאַר'ן מוט וואָס מ'האָט פאַרלאָרען, גערעדט ווי געפאַלענע, מיט אָפּגעהאַקטע זאַצען, און אַרומגעגאַנגען אַזוי צעקאָרטשעט און איינגעבויגען, ווי מיט אַ מורא פאַר'ן הימעל—וואָס האָט זיך אַן אָנגעכמורעטער אַראָפּגעלאָזט אַזוי נידעריג. אַז מ'איז אַרויס אין הויף, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, פאַרטראַכט אין דער

ווייטער וועלט אריין מיט נאגענדיגער בענקעניש, נאָכדעם איז מען געלאָפען אָנהאַקען האָלץ, אָדער גענומען שטארק אונטערהוסטען, אָנצופילען מיט עפּעס די ליידיגקייט—אָ ניט איז מען אריין אין שטאל צו די פערד, אָדער אין קאמער צו די עופות, צו באַגעגענען אביסעל לעבען.

אין דערפריה. שוין עטליכע טעג אַז דער טייך איז געפרוירען. ביז ווען וועלען די פישער זיצען אין שטיבעל און אַרויסקוקען? זענען חיים־בער און נחום אַראָפּ צום ברעג, און אריין אין אַ לאָדקע. פריהער האָט מען אַרומגעהאַקט דאָס אייז אַרום שיפעל. איצט איז נחום געשטאַנען אין פראָנט מיט אַ לאַנגער האַק, צעשפּאָלטען דאָס אייז און געמאַכט אַ וועג, און דער פאָטער פון הינטען האָט מיט׳ן רודער־שטעקען געגרונטעוועט אין וואַסער, און געשטופּט דאָס שיפעל פאָראויס. נחום׳ס פּנים איז געווען באַדעקט מיט מרה־שחורה־קנייטשען, אויס־געמאַטערט, און אַזוי נערוועז געצוקט, ווי מיט אַ נודנע פרעס־חיה׳לע אונטער דער הויט. ער האָט געהאַקט איבער׳ן אייז אָהן אָפּרוה, העפטיג־ווילד, מיט אַ צעקרומטען פּנים ווי פון אויסערגעוועהנליכע זאָרגען, און ביי יעדען זעץ אויפ־געקרעכצט מיט אַ הייזעריגען אפּהאַק, ווי דאָס האַרץ וואָלט זיך אָפּגעריסען. וואָס זעצט ער מיט אַזאַ „היק“!—האָט חיים־בער זיך אַ בייזער געטאָן, ער גראָבט קברים? . . . האָט עס נחום אַ פּנים ניט געהערט, און געקלאַפּט ווי פריהער.

זענען צוגעקומען צום קויש מיט געפאַנג. אויפגעשלאָסען, האָט נחום צעהאַקט מיט׳ן שטעקען דאָס אינעווענינגסטע אייז, און מיט דער לעפעל־נעץ אַרויסגענומען אביסעל פיש. חיים־בער האָט אַרויסגעכאַפּט אַ פּאָר קאַרעסען, און זיך דערפרעהט איבער אַ גרויסען קאַסטריש: „אָט איז ער דאָ, ס׳ט שוין זיין היינט וואָס צו פּרעגלען“. האָבען פאַרוואָרפען דעם שלאָס, און — צוריק צום שטיבעל.

חיים־בער האָט אַליין אונטערגעצונדען אַ פּאָר שפּענדלאַך ביים אויוון, אָנגעגאָסען אין אַ פאַן בוימעל, און אריינגעלעגט די פישלאַך.

— גוט פאַרשלאָסען, נחום ?

— גוט . . . מ׳זאָל נאָר ניט קריכען . . .

פיין שטילקייט. שטילקייט פון אומעט און געבויגענע קעפּ. ס׳האָט זיך נאָר אריינגעהערט פון צווייטען צימער דאָס סודות׳דיג־איינגעהאַלטענע שעפּטשען פון כאַסיע־ביילען — —

— מאַטעל. . . שונא. . . אַזא שלעפּעל. . . וואָס טהוט מען ?. . ס׳שלעכט. . .

— וואָס זאָל דאָס הייסען וואָס טימאַפּעי איז נאָך נישטאָ, נחום ? האָט דאָך געזאָגט, אַז מיטן טאָג איז ער דא צוריק ? עפּעס האָב׳ך מורא, אַז דער גוי האט חרטה. . .

— ט׳מסתמא באלד זיין.

— הערסטו, זוהן מיינער, — האָט חיים־בער פּלוצים אָנגעהויבען מיט קינדישער גוטסקייט. — מיט מיר האלט, דאכט זיך, שמאָל, כ׳האָב מורא, אַז כ׳געה א גאנג. . .

— וואָס רעדסטו, טאטע ? וואָס זשע, ס׳טוט דיר עפּעס וועה ?

— וועה — נישט, נאָר אַזוי. . . ס׳לאָזען זיך אויס די כחות.

— דו רוה זיך בעסער אויס אביסעל, וועט דיר איבערגעהן.

רוהען! — איז חיים־בער פון א לעמעלע געוואָרען א חיה, — רוהען זאָגסטו !. . . דער אויסוואורף ט׳ארומגעהן אויפן טייך מיט ביקסען — איהר, הייסט עס, אלטע פישער זייט שוין אויס באלעבאטים — און איך׳ל רוהען ?. . . האסט געזעהן מיט וואס פאר אן עקשנות טימאפעי האט זיך אונטערגענומען צו היטען דעם טייך, און פארטרייבען דעם שונא ? — האט אויפגעהויבען צוויי פארקוועטשטע קולאקעס צו דער סטעליע, געסטראשעט און געשאָלטען, נאָכדעם זיך אנגעבויגען און איבערגע׳צלם׳ט, אז דאס הארץ איז אזש צעגאנגען פון נחת . . . קומט ער צו צו מיר נעכטען אין דערפריה : „זשיפוני היים־בעיר, ס׳איז שלעכט אויפ׳ן טייך ביינאכט, צו געפערליך . . . איציק־שלמה׳לע, דיין שונא, שפאנט ארום אויפ׳ן אייז, פארעט זיך ביי די נעצען, און דערזעהט ער דיך געהן שיסט ער גלייך אויף דיר . . . מיט אזא מענשען, זאגט ער, איז ניט גוט, זשיפוני היים־בעיר, ביי גאט, ניט גוט . . . " מיינסטו אז איך׳ל שווייגען ? איצט ל׳איך זיך נע־מען צו אים, הערסט וואס איך זאג ! ער האט אפגעשפאנט פון אויוועז, און גענר־מען נערוועז זיך דרעהן איבער׳ן צימער מיט פארדרוס־פייערען : איך אליין וועל זיך איצט נעמען צו איהם! ער וועט טרינקען מיין בלוט און איך וועל שווייגען ? . . . און — ווייסט ? ז׳האבען דאך שוין אפגעשטעלט אויף שבת נאך פורים די חתונה . . .

די פיש אויף דער סקאווראָדע האָבען זיך אָנגעהויבען סמאַליען, אויפ־געהויבען אַ געראויש, און די פישער'ס קעפּ האָבען זיך ארומגעוואָרפען מיט טשאד און זשום, ווי אפצוטרייסלען אן אייזען־יאָך.

— וואס זשע העלפט דאס עסען זיך ? — האט נחום פארזיכטיג אפּגע־כאפּט.

— ס'ט העלפען, ס'ט העלפען, — האָט חיים־בער זיך געבונטעוועט, — זיי נאר ניט קיין לעמעשקע — וועט העלפען. טארסט ניט לאזען מאטלען חתונה האָבען מיט'ן בייסטרוק'ס טעכטעריל — טאָרסט ניט, הערסט ? נאָכדעם ט'זיין שפּעט. דער ממזר וועט אים אזוי דעם קאפּ פארדרעהן, אז ער'ט זיך קיינ־מאָל ניט אויספּלאָנטערן, און טאָן וואָס ער הייסט אים . . . ווען מאָטעל איז מיט אונז, פארטרייבען מ י ר א י ם, אזוי וועט ע ר א ו נ ז פארטרייבען. פאר־שטעהסט? . . . דיין זונדעלע . . .

— נו, לאז עס שוין אפּ, — האט נחום געוואלט פארהאלטען די ערגער־ניש־כוואליע.

— אפּלאָזען ! ? — האָט ערשט חיים־בער זיך צערייצט. — דער זוהן דיינער שפּאנט אַרום פאר די אויגען ווי אַ צו־להכעיס'ניק, און איך זאָל אָפּלאָ־זען ? . . . ווארט אוים, ס'האט זיך נאך די מלחמה ניט פארענדיגט ! חיים־בער לעבט נאך ! . . . אפּלאזען . . . דו דערמאן זיך מיט א פערציג יאר צוריק, ווען מיר זענען אהער געקומען : דער טייך איז ניט געווען וואס היינט. ווער האט דא אנגעלאזט קאסטריש מיט פּלאטיק אז ניט איך ? און זיך די אויגען אויסגעקוקט ס'זאל געראטען . . . גיב א קוק אויפ'ן הויף : אויפגעבויעט מיט אייגענע צען פינ־גער א שטיבעל, א שטאל, א קאמער, א ליאדאוונים, א בודקע פאר די הינט אפילו — וואס ניט ? א גאנץ באלעבאטישקייט צונויפגעשטעלט. אין יעדען ווינקעלע שטיקער לעבען אריינגעקנאטען. און איצט זאגסטו „אפּלאזען ?" אך, גרויסער גאט מיינער, וואס כ'האב אויף דער עלטער דערלעבט . . . ווילסט פארענטפערען דיין זונדעלע, הא, נחום ? און איך האב אייך ביידע אין דר'ערד ! מיינע כוחות לאזען זיך שוין אוים — אבער דער גע'פגר'טער הונט וועט מיך ניט ירש'ענען נחום, ניין !

ער איז געבליבען שטעהן א פארשוויגענער מיט א האנט אויף דער פענס־טער־ברעט, געווארען נידעריגער, און דער קאפּ האָט זיך געשאקעלט. דאס צע־קארטשעטע פּנים האט זיך געקרימט ווי ביים ביטער קלאגענדיגען, און אין די

אויגען האָבען געטליעט ווילדע צו־להכעיס־פייערלעך, ווי ביים גרויסען עקשן אונטער א האגעל פון פייער־שמיץ: או ־ ־ י! געוואלד, געוואַ ־ ־ ־ לד! . . . ניין, כ'ל זיך ניט אונטערגעבען, ניט אונטערגעבען! . . . דער אומרוה האט געמאַטערט, ניט געלאָזט זיך אויפמונטערען, און דער מענש איז זיך אריין אין לייב מיט ציי־נער און נעגעל, שיער דאָס הארץ צעפיצעלט. וואס וויל מען פון אים? . . . וואס זאל ער טאן? . . . פון אונטערן היטעל האבען די גראע, ארומגעהאנגענע האר־פאטליעס זיך צוגעשאָקעלט מיט מיטלייד, און דער טליענדיגער צאָרן אויף דער טייפעל־מאכט וואס האט אין זיבען — אכט חדשים פאר'חרוב'ט זיין היים און עלטער, איז אויפגעגאנגען אין אים, ווי אין אן אויפגעזאטענעם, רוישיגען קאך־קעסעל.

שא. א מעלאנכאליע ארום קברים. נישטא ביז עק וועלט קיין לעבעדיגע זאך. האט אויף דר'ערד עפּעס געאטעמט, ליגט עס איצט איבערגעקערט מיט'ן אפּענעם מויל אין שטויב, און ס'הערט זיך נאר דאס צוקען פון די גלידער — פארשטיקט וויינען. דא אין שטיבעל האט עפּעס געוויִשט ביים אויוען — האט קיינער ניט געהערט. חיים־בער האט זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צום פענס־טער קעגען טייך, און זיך פארקוקט אין דער טיפער ווייט, ווי אט זעהט ער דארט אויפגעדעקט זיין צוקונפט. כאסיע־ביילע איז אריין פון צווייטען צימער, ראפּטאם אראפּגעכאַפּט די פאן מיט פיש, צונויפגעלעגט אין א טעלער. ס'האט ווי א ציה געטאָן א פרישע לופט, און חיים־בער האָט זיך אויפגעריסען, ווי פון שלאָף אטשוכעט. נחום האָט דורך דער מיטעלסטער טיר דערזעהן צירלען מיט א האנט־טוך ארום קאָפּ, און עפּעס שטיל א וואָרף געטאָן מיט כעס. מ'האָט געגנו־מען עסען. צירעל האָט געפעהלט, און קיינער האָט זי ניט גערופען. הינטער די ווענט האָט א באַהאַלטענער אַלע מאָל א זעץ געטאָן, און אוועק איבער'ן טייך.

ס'האט א קלונג געטאן די קליאמקע.

— זעה נאר עפּעס: הערשל מיט מעכלען, — האָט חיים־בער זיך אזש דערפרעהט.

— גוט מארגען.

— א גוט יאר אייך, קינדער. וואס הערט זיך עפּעס גוטס? זיצט!

כאסיע־ביילע האט אונטערגעווארפען פיש אין טעלער אריין. מ'האט גענגעסען צוזאמען די זיס־געשמאקע קאסטרישען, אויסגעקלאפּט מיט די פעטע ליפּען דאנק

און צופרידענקייט, געבאלאקעט היימיש־פּראסט, אָהן אויפהער און גלאט אין דער וועלט אריין, און אז דער פרעהליכער הערשל האט זיך צעווארעמט און דערצעהלט א „נס“, ווי ער האט נעכטען אייגגעהאנדעלט צוויי קוישען קאראלקעס*), זיי באלד „אראפּגערוקט פון מארק“ אונטער קאסט־פּרייז, און נאך געהאט א „קארב“ מיט א האלב ריוח — נו־נו! די אויפגעמונטערטע פישער־משפחה איז געבליבען אהן כוחות לאכענדיג. דער אלטער חיים־בער האט געשפּריצט מיט אויסגעזעצטען גע־לעכטער, זיך אַלע מאָל צוריקגעהאַלטען, און פאַרגעוואָרפען הערשלען פאַרוואָס ער באראבעוועט די ארעמע גוים זייער עהרליכע פּראצע — דער גזלן. הערשל האט זיך פארענטפערט: „וואס זאל ער טאן? די קינדער שרייען „אמע“. וואס טוט א איד ניט צוליב'ן שטיקעל ברויט?“—און האָט ווייטער דערצעהלט חכמה'ס. מעכיל האָט אים אומגעלונגען אונטערגעהאלפען, אוןביידע האבען געקוועלט וואס חיים־בער קוועלט. דער גוטמוטיגער נחום האט פאר שמחה פּארגעסען ארויסצוקלייבען די דריבנע פיש־ביינדלאך, און האט זיך פארכלינעט מיט א ביסען. כאסיע־ביילע האט אים א זעץ געטאן מיט א פויסט איבער דער פּלייצע, און דער ביסען איז ארויף — און ארונטער. האט מען נאך מעהר געלאכט. מ'האט געקנייפּט דאס שווארצע ברויט, געקוקט ווי דערלייזטע, און כאסיע־ביילע האָט באקומען מוט קענגען שווער, און זיך צעבייזערט וואס ער רופט ניט אריין צירלען:

— ער איז דאך באלעבאס! . . .

— נו, מעכיל, ווילסט מסתמא אביסעל פיש? וואס אזוי שפּעט? — איז חיים־בער געווארען ערנסט.

— ניין, רב חיים־בער . . . געקומען פּשוט אזוי.

כאסיע־ביילע האט זיך פארטשעפּעט:

— געוואויר ווערען וואס ס'טוט זיך דא . . .

די שטאדט־אידען האבען ניט געענטפערט. פינגער האבען אויטאמא־טיש זיך געגראבען אין די שטיקלאך פיש, געקליבען ביינדלאך, מיט'ן מויל געריסען ביסענס פון א שווארץ שטיק ברויט, און געהאלטען די אויגען אין טעלער. די פישער האבען דערפיהלט אינ'ם שווייגען אנקומענדיגע שווערע רייד, נאכ־געטראכט מיט די איבערגעלאדענע קעפּ — און ניט געוואוסט וואָס צו טראכטען.

*) אַ סאָרט עפּעל.

הערשל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און אונטער דער מאסע שטערן — קנייטשען זיינען די אויגען געוואָרען קליין און דורכדרינגענד.

— נו, רב חיים־בער, שוין בעסער אויפ׳ן טייך ? — האָט ער געפרעגט מיט א מיטלייד־טאָן.

— יא . . . בעסער . . . בעסער ט׳מיר שוין זיין נאָכ׳ן טויט.

— וואָס־זשע וויל ער פארט, דער ממזר ? . . . וואָס ט׳זיין דער סוף ? . . .

— א סוף ? ווער ווייסט ? ער וויל אונז פארטרייבען פון דאנען — און שוין . . .

— ניש׳קשה . . . ט׳ניט פארטרייבען, — האָט נחום געטרייסט.

— ס׳פאסקודנע. . . א גרויסער פארדראס, — האָט אריינגעוואָרפען מעביל.

— און איך זאג, — האָט נחום ווי זיך באקלאגט פאר די געסט — שלום. . . — ס׳ט גארניט מאכען מיט זיי, פארשטעהסט, טאטע ? . . . דו ארבעט, טהו אויפ׳ן טייך וואָס דו ווילסט. און אויף יענער זייט — קוק בעסער ניט.

— יא, נחום, נישט אומזיסט האָסטו אזא זוהנדעלע ווי מאטעל : איהם ארט אויך ניט וואס ס׳טוט זיך אויפ׳ן טייך — אבי א מויד זיך אָפּגעזוכט . . . און דו ווילסט איהם נאָך פארענטפערען, דעם תכשיט, א כאָליערע אין איהם.

— טאטע, דו קענסט אויפהערען צו שעלטען, צי ניין ? . . .

— וואָס, וועסט מיך אפשר אנפאטשען ? פארמאך דעם פיסק, דו סמ — — — ! . . .

— צו וואָס זיך קריגען, — האָט זיך אריינגעמישט הערשל, — אפשר איז פארט דאָ אן עצה ווי פּטור צו ווערען פון איציק־שלמה׳לען ? עלטערע מענשען — אודאי איז שווער זיך ארומצורייסען מיט ווילדע חיות.

— אָט דאָס טענה איך דאָך, — האָט זיך אָנגעכאפּט חיים־בער — אָפּ־געהארעוועט אלע יאָהרען, געוואוסט ס׳איז דיינס, אייגענס — און דאָ אויף דער עלטער זאל מען דיך פארטרייבען — אזוינע אויסוואורפען ? . . .

— הערט, רב חיים־בער, — האָט זיך פארזיכטיג אפגערופען הערשל. ווייסט איר וואָס איך וואלט געזאגט ? איר נעמט בעסער דעם טייך און פארקויפט אים — און פּטור.

חיים־בער האָט זיך זיצענדיג א וואקעל געטהון אויף צוריק, ווי פאר א מערדער־שפּיז קעגען די אויגען, און דאָס מויל, ווי א פארשטיקטער תהום, האָט זיך אויפגעשפּראלעט איבער אויסגעשטעלטע פיבער־הענט, ווי קעגען א בייז־וואונדער. האָט א צייט זיך ניט א ריר געטהון. דאָס פנים האָט זיך צונויפגעצויגען אין איין גרויסען רחמנות־קארטש, און ס'האָט שטיל געפלאטערט דער אלטער גוף, ווי דער פויגעל מיט'ן אויסגעשעפּטען וואונד־לאָך. די אויגען האבען זיך וועהטאגדיג געבעטען :

— וואָס האסטו געזאגט, הערשל ? !

הערשל האָט זיך צעמישט :

— דעם טייך, רב חיים־בער . . . פארקויפען — און אן עק . . .

— פארקויפען, הא ? איבערלאזען א היים, און אוועקגעהן מיט'ן ווינט אין פעלד . . . וואוהין זאל איך געהן אויף די עלטערע יאָרען ? וואָס ווילט איר פון מיין לעבען ! וואָס פּלאפּעלסטו, הערשל ? !

חיים־בער'ס געבעט־ווערטער האבען הערשלען דער'הרג'עט. האָט ער זיך געריסען ארויסצוזאגען א פארענטפער־וואָרט — און ס'איז שווער. דאָ איז מעביל הינטערגעקומען מיט זיין חלק הילף :

— מיר זוכען ניט, חלילה, קיין מציאות, רב חיים־בער . . . מיר'ן אייך גוט באצאָלען . . .

— דו, מעביל, שווייג, דו פּאסקודניאק ! — האָט זיך דער אלטער ווילד א הויב געטהון. — דיך האָט דאָ קיינער ניט פארבעטען, דו הערסט ! מארש, אָט איז די טיר ! . . .

די צוויי סוחרים האָבען געפּיהלט אויף זיך חיים־בער'ס כעס־אויגען, געבליבען זיצען אומבאוועגליכע, און פארטשמעליעטע. כאסיע־ביילע איז אוועק צו דער טאכטער, דעם טיש ניט אויפגעראמט — טאמער שטערט זי דעם אומרוה. נחום איז ארוים אויפ'ן הויף. חיים־בער האָט צוגעשפּאנט צום פענסטעריל, און הויכענדיג אויף די פארפרוירענע שייבלאך האָט ער אויסגעבויערט לעכער,

און זיך פארטראכט אויפ'ן פארגליווערטען טייך. דער זוהן האָט זיך ארומגעדרעהט אויפ'ן ברעג איינגעבויגען, מיט די הענט פארענט אין די ארבעל, און זיך אומ־רוהיג געקראצט מיט די פלייצעס אין דער לופטען. אָט שלעפּט ער ארויף די לאדקע אויף דער ערד, קלייבט צונויף ביי דער וואג דאָס צוואווארפענע אייזען־געוויכט, און טראגט עס צום פארהייזעל. קומט ווידער ארויס. זעצט זיך אראפּ אויף א קעסטעל, און גלעט דעם גרויסען, שווארצען הונט לייבעש איבער'ן האריגען, ווייס־אנגעפרוירענעם רוקען: „אָ — —, גוטינקער . . ."

בענקט נאָכ'ן זוהן, דער שלעפער! — האָט א ברום געטהון חיים־בער.

— און דו, הערשל, ביסט ניט בעסער פון אנדערע, — האָט ער זיך א קער געטהון צו די סוחרים, וואָס האבען זיך וואונקענדיג דורכגעשמועסט וועגען דער לאגע. — ווער האָט דיך געדארפט צו אלדע רוחות! מיר איז אזוי שלעכט, קומסטו מיר נאך שיטען זאלץ אויף די וואונדען! . . . שעהמען מעגסטו זיך, דו פאסקודניאק! אזוי האָב איך זיך ביי דיר פארדינט? . . . טובה'ס מיר טאָן — אומגליקליך מאכען ווילסטו מיך, דו מערדער! . . . און דו, מעכיל, גיכער ווארף זיך ארויס פון דאנען, גיכער! . . . כ'נעם דיך באלד אן ביים קארק, פארפליסטו וואו דער שווארצער פעפער וואקסט — דו שלעפער! . . .

די הענדלער זיינען געשטאנען מיט דערשלאגענע קעפּ. אין איין מינוט: פון גליקליך — אין א שווארצען אפּגרונד אריין. ביי דער טיר שוין האָט מעכיל געפּרואווט נאך עפּעס איינשטעלען: אפשר פאָרט?

— איר פארשטעהט, ר' חיים־בער . . . האָט ניט קיין פאראיבעל . . . מיט אזוי פיעל געלט פאר'ן טייך קענט איר דאך וואוינען וואו איר ווילט . . .

— אוי א רוח אין דיין טאטענ'ס טאטען! — האָט זיך דער פישער א ווארף געטהון, און געזוכט עפּעס אויף דר'ערד צו ווארפען מעכלען — געהסט ארויס, צי ניין? וואָס ביסטו געקומען מיר נעמען די לעבער, וואָס — דו ממזר! . . .

מעכיל איז ארויס. הערשל איז געשטאנען ביי דער שוועל שטיל און צעטראגען.

— דעם טייך קויפען? מיך אליין! . . . איך אָהן דעם טייך בין גאָרנישט ... — פון היינט אָן לעב איך דאָ? ... און דו הערשל, אויך, הא? האב'ך דיר אמאָל דערמאָנט וועגען פארקויפען דעם טייך? געוואלט

מאכען מיט חיים־בער'ן א געשעפט, הא ? אפּגענארט ברודעריל — היידא ! . . .
אך, דו בעז־בושה'ניק ! אלע יאָהרען ברויט דאָ געגעסען — און איצט א שונא . . .
געקומען מיך פארטרייבען פון מיין היים — דו פאסקודנער יונג ! . . .

הערשל האָט אראפּגעלאזט די אויגען צו דער פינסטערער ערד, געטראכט וועגען שפּעטער און געשוויגען. די פריהערדיגע פרייד איז אין אים פארפראָרען געווען, געשפּארט ווי א משא, און ער האָט זיך קוים געהאלטען אויף די פיס : „אוי, ער איז פארלארען ! . . ." חיים־בער'ס פארדרוס־ווערטער האבען זיך אפּגעשטעלט אונטער'ן האלז ווי די שטראמען ביים שמאלען אָרט — צוריק אין זיך. גרויל־שטילקייט. מ'האָט געהערט צירעל'ס א קרעכץ פון צווייטען צימער, כאסיע־ביילע'ס אן אומרוהיגען טראָט, דאָס שארען פון דער קאץ'ס לאפּקעס אין א ווינקעל־לאָך, און פון יענער זייט וואנט איז אראפּגעפאלען פון דאך א קופּע שניי, האָט זיך אין שטוב געפיהלט אן ערד־ציטערניש. פלוצים האָט זיך אריינגעהערט פון דרויסען א קלאפּען ווי מ'האקט האָלץ. א מאדנע האקען ! ס'האָט זיך געהערט דאס ווילדע ווארפען זיך, דאס אונטערברומען און רוגז'דיגע שעלטען, און דער האלץ־העקער האָט בשעת'ן קלאפּען אזוינע הילכענדיגע, ביטערע קרעכץ־געשרייען ארויסגעלאזט, ווי דער געפאנגענער אין געראנגעל מיט מערדער־ריזען. ה־האק ! . . . ה־האק ! . . . ה־ה־האק ! . . . ס'האָט א באזינגטער לעגענדארישער מכשף מיט די לעצטע כוחות געוואלט דאָ פון די האלץ־שפּאלטען א טייוועל ארויסטרייבען — און ניט געקענט. חיים־בער איז צוגעלאָפען צו דער טיר, זי א שפּראלע געטהון, און ארויסגעשריען :

— העי, דו! וואָס האָסטו זיך דאָרט צעפלאמט ווי א פלאַם־פלעצעל? . . . וועמען קלאפּסטו דאָרט אזוי ? נאָכ'ן זוהנדרעלע זיך פארבענקט ? . . . דער הונט דארף דיך אויף תשעה־ניינציג כפּרות — דו משוגענער !"

דאס האקען האָט א מינוט זיך אפּגעשטעלט — און באלד זיך צעלאזט נאך מיט מעהר אומרוה.

די סוחרים זענען אוועק.



קאפיטעל י.

## חיים־בער קען שוין ניט אויסהאַלטען.

שוין גאנץ פריה׳ האָט אויפגעשיינט די זון ווי א מילדע מאַמע. דער הימעל איז אין אָנהויב דוקא געווען סוף־ווינטערדיג אָנגעבלאָזען, איבערגעצויגען מיט א דינער, גראער דעק־טוך און ערטערהווייז אנגעווארפען מיט שטיקלאך קויטיגע שמאַטעס — אָבער נאָכדעם איז די לופט אונטער די זון־שטראַלען און קעגען בלענדענדיגען שניי־ווייסקייט אויף דר׳ערד געווארען אזוי דורכזיכטיג און העל, אז די מענשען האָבען זיך געריבען די אויגען, ווי ערוואכטע פון א הינער־פלעט. שפעטער האָט זיך דער הימעל אויך אויסגעלייטערט. דער דריטער שעהנער טאָג. ס׳האָבען זיך דערוואַרעמט לופט און ערד. דער צעלעגטער שניי אויף די פארלאָזטע, ברייטע פעלד־שטחים האָט לוסטיג אויפגעגלאנצט, ווי אויס־געשאָטענע, דריבנע זילבער־קרעלען, און אויף דער ווייסער פלאך האָבען זיך געוויזען שווארצע, אויסגעבויערטע לעכער מיט א ווארעם־אויפגעהענדיגער ערד־פּארע. די בוימער האָבען אָפּגעטרייסעלט פון זיך קופּקעלאך וויכען וואסער־אייז, נאָכאנאַנד געקאַפּעט, און העט־אויבען האָבען זיך אויפגעדעקט די נאַקעטע צווייגען־שטעקענס מיט אן אויפגעלעבטען הויב־ארויף. רוישיג, לעבעדיג איז געווארען אויף די בערג און בערגלאך ביים ברעג טייך. ס׳האָבען זיך געריסען וואסערלאך פון אונטער׳ן שניי צו דער אומגעצוימטער פריי, זיך געשפּאַרט, גע־גליטשט פלאך ביי דער ערד, געדרעהט און געזוכט אן אויסוועג, זיך צונויפגע־קומען עטליכע ביי א סטעזשקע אין א קאָכיג־אויפגעשטראַמטער ריטשקע — אראָפּ דעם באַרג!

דאס אייז אויף׳ן טייך האט גענומען לאזען, און ס׳זיינען גע־ווארען צוויי טייכען: אויף און אונטער׳ן אייז. איז די אייז - דעק געווארען דינער, האָט זיך געשפּאָלטען, געקראכט אונטער׳ן אייבערשטען וואסער, גע־ווארען נידריגער — און אז פון די ארומיגע בערג, וועג און פעלד זענען אנגע־לאָפען שטראָמען, אראָפּ מיט האסט און טומעל צום ברעג, און — גלייך אויף׳ן טייך, איז דאָס אייז שטיקערווייז איינגעפאלען ווי אונטער אן אומ־דערטרעגליכער לאסט, און זיך אויסגעמישט אין א צודרויבעלטער, שווימענדיגער מאַסע.

א שעהנער, ליכטיגער ערב־פריהלינג־טאָג. באַלד נאָך פּורים. וואו ערגעץ א גרעזעל, א נידריג ביימעל, האָט דאָס אויפגעלעבט, געשטאַנען ציטעריג־הויל און עטוואָס אונטערגעהויבען, און געקוקט מיט תמימות׳דיגען חידוש אויף דער מילדער זון־שיין: „זעה נאָר — ליכט און ווארעמקייט! פריהלינג קומט? וואו־זשע איז דאָס זיסע ווינטעל?״ דעכער האָבען פרעהלאך אראָפּגעגלאַנצט צו דער ערד, און מענשען מיט ווינטערדיג־איינגעקאָרטשעטע לייבער קעגען דער נייער ווארעמקייט האָבען געשמייכעלט מיט חן־פּנים׳ער, מיט די געבויגענע פּלייצעס קעגען די הימעל־שטראַהלען: „דערווארעמט מיר, ליבע שטראהלען, מיט אייער אייביגער גוטסקייט, די מידע ביינער, די דערפראָרענע . . .״ מענשען זענען היינט פּלוצים געווארען גוט, אויפגעשטאַנען שמייכלענדיגע, מיט געזאַנג אויף די ליפּען, גערעדט צום חבר פריינדלאך, מיט מילד־פארגינערישע אויגען, קוועלענדיג אין ענגען בונד מיט׳ן פרעהלאך־שיינענדיגען דרויסען. ס׳האָט אפילו אינ׳ם ארימען די נויט־פּיין אויסגעוועפּט — נישטאָ מעהר קיין שלעכטס אויף דער ערד! . . . נאַטור און מענש האָבען געשלאָסען ברודער־אחדות, זיך א קענגענשמייכעלט מיט ליכט און האַרץ־לוסט: „זעהסט, ביסט גוט, בין איך אויך גוט . . . ווי שעהן ס׳איז די וועלט אין א בונד! . . .״

דער אלטער חיים־בער פיהלט שלעכט. ס׳ברעכען איהם די קריזשעס, ווי מ׳וואָלט האַקען מיט שאַרפע אייזענס, אין מויל איז איהם טרוקען און זויער, און דער קאָפּ — א שווערער באַרג, און דרעהט זיך. איז שוין א פּאָר טעג ניט אראָפּ פון בעט. אז היינט איז א גאָלדענער טאָג, האָט עס איהם ארויסגעצויגען אין דרויסען: „אַך, וואַרעם, א מחיה, ווי אין א זומער־טאָג״. וואָס הערט זיך אויפ׳ן טייך? ער׳ט נעמען א לאָדקע, און זיך דורכפאָהרען. און די מאַסע צעבראָכענע אייז־שטיקער — אז ער פיהלט אַזוי שוואך? נו, ער׳ט פאָהרען פּאַוואָליע, און אויפ׳ן וועג ווייל־ווייז זיך אָפּרוהען.

איז אראָפּ צום ברעג, און אוועק.

מיט׳ן וועג פאַזע טייך איז אָנגעקומען מאָטעל. דער אלטער האָט צו־ליב׳ן קאמיש איהם ניט באַמערקט. זיך אפגערוקט מיט דער לאדקע, האט איהם מאטעל דערזעהן, און געוואלט א געשריי טאָן: „זיידע״. האָט זיך אָבער צוריק־געכאפּט, שיער זיך ניט צעוויינט, געגלעט מיט טראגישער ליעבע די אקעגענגע־לאָפענע הינט, און נאָכאנאַנד געשעפּטשעט, ווי ער וואָלט זיי עפּעס דערצעהלט. נאָכדעם איז ער אריין אין שטיבעל.

— אוי, מאטעל !

די מוטער איז איהם אקעגענגעלאָפען מיט אן איבערראשטען, אויפגעשיינ־טען פנים, ארומגעכאַפּט זיין האלז, און דריקענדיג זיין קאָפּ איבער איהרע ברוסטען, ווי אין הארצען איהם אריינצונעמען, האָט זי געקושט איהם און געקושט א שטום־מורמלענדיגע, מיט א פולען האלז טרערען אָנגעגאָסען. נאָכ־דעם האָט זי אויפגעהויבען צו די אויגען דאָס פארטוך :

— קינד מיינס . . .

כ׳האָב געמיינט דו׳סט שוין ניט צוריקקומען, — האָט זי נאָכדעם צו־געגעבען, און אונטער די שטראהלענדיגע אויגען האָבען אויפגעגלאנצט צוויי טרערען, ווי טוי־טראָפּענס אונטער דער זון.

— וואס קען זיין מעהר ? ט׳מיך דער זיידע ווידער ארויסטרייבען . . .

וואָס־זשע טוסטו, מאטעל ? — האָט זיך שוין דער פאטער ניט איינ־געהאלטען.

וואס זאָל איך טאָן, טאטע ? וואס הערט זיך ביי אייך ?

דערווייל איז מאטעל צוגעגאנגען צו דער שוועסטער מיט א „וואס טוסטו, צירעל ?" האָט זיך דאָס מיידעל אויסגעדרעהט מיט א ברוגז־אונטער־געפאנפענטען „גאָרנישט", און אוועק.

כ׳ווייס וואס ? ס׳צרות — האָט נחום געענטפערט מאטלען. דער טאַ־טע הערט ניט אויף צו שרייען און קלאָגען, און איז שוין טויט־קראנק פון צרות. ווייסט דאָך ! . . . כ׳ווייס טאַקע ניט וואס ס׳ט זיין דער סוף . . .

— וואָס־זשע זאָל איך טאָן, טאטע ? אז כ׳האָב זי פּאָרט ליב . . .

— יא, אבער מיינסט ער איז ניט גערעכט ? אז דו ביסט געוועזן ביים טייך האָט מען מורא געהאט. איצט פאר וועמען ? מיר זענען דאָך שוין אלטע לייט, מאטעל. און דו ביסט נאָך אריבער צו אונזער גרעסטען שונא. און וואס וועט זיין אז מ׳ט אונז א רוף טאָן אָט־א־דארט־א . . . מיינסט ער איז נישט גערעכט ?

— ניש׳קשה, ווען דער שווער איז ניט אזא עקשן וואלט ער זיך מיט איציק־שלמה׳לען איבערגעבעטען, — האָט זיך אריינגעמישט כאסיע־ביילע.

— פארוואָס זאָל ער זיך איבערבעטען, — האָט צירעל זיך צושריען פון צווייטען צימער, מ'האָט איהם ווייניג אויפגעגעסען די לעבער ? !

די מוטער האט א קוק געטאהן צו דער טאכטער, און זיך איינגעקארט־שעט ווי מיט מאָגערע אברים אין פראָסט : אז דער טייך — אָט געהט ער אונ־טער, די אלטע לייט פארטרייבט מען אין דר'ערד אריין, און דער ברודער איה־רער וועט באלד חתונה האָבען, — אויף וועמען־זשע וועט זי בלייבען, דאס שיי־פעלע ? ניט אומזיסט איז די לעצטע צייט דאָס שעפעלע אזוי בלייך און טרויע־ריג — וועה איז איהר . . .

געוועזן שטיל. אינווענייג נאָר, אין די מענשען, האָט א ביינער־האנט מיט לאנגע, בלייכע פינגער זיך ארומגעשאַרט איבער ברוסטען און אויסגעקלאַפּט עגבערענדיגע טרויער־קלאנגען : „שלעכט, ס'שלעכט . . . מענשען, ס'ט זיין שלעכט .. .“ אך, ווי מ'קען זיך ניט ארויסרייסען פון דער פרעסענדיגער מרה־שחורה ! . . . מ'ט שוין א פנים דעם קריג־פלאָנטער צווישען אלטען און איציק־שלמה'לען קיינמאָל ניט אויפפלאָנטערן. וואס־זשע וועט זיין ? . . . נחום האָט גענומען ארומשפּאַצירען איבער די פיר צימער־איילען מיט פארזאָרגטע טריט. די מיעדע, דיקע וואוקס האָט זיך געוואָרפען ווילד און מיט פארדרוס־טענות, אלעמאָל א זעץ טוענדיג מיט אַ האַנט פאָראויס, ווי אין גראנגעל. כאסיע־ביילע האָט זיך אויפגעמונטערט.

— וואָס זיצסטו ניט, מאָטעל ?

— מאמע, ווייסט וואָס כ'בין געקומען ? אייך בעטען צו מיין חתונה.

מ'איז ניט געווארען איבערראשט, ווי זיך געריכט דארויף — און וואס צו ענטפערען האָט מען ניט געוואוסט. ערשט נאָכדעם האָט די מוטער ארויס־גערעדט: „מ'מיר מסתם דיך ניט פארשעמען, זוהן מיינער“. דער פאָטער האָט פלוצים צופענט דאָס פענסטעריל : „היים היינט, מ'קען דערשטיקט ווערען, אין דר'ערד אריין“, און נייגעריג נאָכגעקוקט אויפ'ן וואסער. אין צווייטען צי־מער איז אראָפּגעפאלען אויפ'ן טיש א האַנט, נאָכדעם — א קאָפּ.

דער טאטע פאָהרט שוין צוריק, — האָט נחום זיך א קעהר געטאָן. הער, מאטעל, פאלג מיך און געה שוין אוועק. אין טאטען וועט פלאצען די גאל פון דיין בשורה. ער'ט דיך ווידער ארויסווארפען. צו וואס זאָלסטו איהם אָנטאָן יסורים ? . . .

— ניין, טאטע, איך מוז מיט איהם רעדען נאָך אמאָל. ער פארשטעהט מיך ניט.

— אפשר פארשטעהסט דו א י ה ם ניט ? ! — האָט צירעל ארויס־געשריען פון איהר ווינקעל.

ס׳איז אריינגעקומען חיים־בער.

— דער טייך צעלאָזט זיך, נאָר ס׳נאָך שווער צו פאָהרען מיט דער לאָד־קע. א מאסע שווימענדיג אייז. נאָך צוויי־דריי אזוינע טעג — איז אויס אייז . . . זעה נאָר — מאטעל ? ווי קומסטו אהער ? מ׳האָט געשיקט א רייטער נאָך דיר ?

— זיי־דע . . .

— וואָס „זיידע ?" אין דר׳ערד מיט׳ן קאָפּ ! וואס פאר א זיידע בין איך דיר ! אונז איבערגעלאָזט און אוועק צום שעהנעם מחותן, דעם ממזר — זאָל איך דיך מעהר ניט קענען, דו הערסט ? גיכער ארויס ! . . .

— זיידע, איין ווארט . . . זאָל׳ך שטארבען צי כ׳מיין עפעס שלעכטס . . . כ׳בין געקומען דיך בעטען אויף מיין חתונה, זיידע.

— וואס, וואס ? אויף דיין התונה ? ! האָסט גאָרניט קיין מורא פאר גאָט ? ביסט נאָך געקומען זיך רייצען מיט מיר ? . . . הער, דו באָסיאַק, קאָנסט ארויסגעהן, צי ניין ! איך פּלעט דיר דעם קאָפּ ! . . .

ער האָט זיך א ווארף געטאָן צום ווינקעל מיט די אנגעווארפענע שטריק, קעסטלאָך טשוועקעס און האמערס, און א כאפּ געטאָן די האק ווי דער אומרוהיגער מעלאנכאָליקער, אין וועמען ס׳האָט פּלוצים א זעץ געטאָן א פארפלייצענדיגע אומזין־כוואליע.

—גיכער ארויס פון דאנען, גיכער ! האָסט מיך שוין סיי ווי געקווי־לעט . . . ס׳שוין סיי ווי אויס חיים־בער . . . אויס טייך . . . גיכער — ווייל דו כאפּסט איבער׳ן קאָפּ !

צירעל איז שטעהן געבליבען ביי דער מיטל־טיר מיט צוואווארפענע האָר, תמ׳עוואטע רחמנות־אויגען ווי ביי א דערשראָקענער בהמה, און מיט די הענט אויפגעהויבען פאראויס, האָט זי געקוקט אויף דער אקעגענדיגער סצענע. באסיע־ביילע האָט אנגעהויבען קוויטשען ווי א צעמישטע, און נחום האָט זיך א ווארף

געטאָן אונטער דער האק און האָט אָנגעכאַפּט דעם טאַטענ'ס האנט. דער אל־טער איז געבליבען שטעהן ווי א פארשטארצטער סקעלעט מיט אן אויפגעהויבענער האק, מיט אמאָל ארויסגערעוועט א היסטערישען קלאג, און א פאל געטאָן מיט דער האק צו דר'ערד:

— שוין . . . אוים חיים־בער . . . אויסוואורפען ! . . .

מאטעל איז אוועק.



## קאפיטעל יא.

# חיים־בער׳ס דערלייזונג

א שעהנער דרויסען היינט. דער פערטער ווארעמער טאג. ס׳בלענדעט די זון מיט דער באנייטער, פרעהלאכער העלקייט, גיסט אין דער לופט אריין שטראמען ערב־פרילינג־ווארעמקייט, און די איינגעגעסענע, פארגליווערטע ווינ־טער־הארטקייט פון מענש און ערד צעלאזט זיך. ליגט נאך דער אנגעפאלענער שניי אין א ברייטער פלאך אויף די איינזאמע, שטיל־פארשוויגענע ווינטער־פעל־דער, פרעסט און ווארעמט מיט שווער־גוף׳יגע קופעס די מאמע ערד, און אז די זון קומט ארויס און ליידיגט אויס די ערשטע זומער־ווארעמקייט, פארוואנדעלט זיך דער שניי אויף׳ן פעלד אין אהן א שיעור גלאנציג־קוועלענדיגע, רוישיגע וואַ־כער־ריטשקעלאך, וואס פארזונקען אין דר׳ערד מיט הארציג־לעבהאפטיגען פרייד שמייכעל: „טרונק, טרונק, זויג דיך אן, מאמע טייערע, און זאל רוען אויף דיר די גרויסע בעסאראביער ברכה: אייביגע שפע“. ביי די ארומיגע ברעגען — דארט קען דאס פעלד די וואסער־שטראמען פון די צעגאנגענע שנייען ניט איינהאלטען אויף זיך, שיקט זי זיי אימפעטיג אראפ צום טאל: „נא דיר, וויי־טער טאל, א פרישען גרוס פון מיר. וועסט אין די רוישיגע וואסערען געפינען מיין פעטען פעלד־אטעם — זעטיג זיך, — און דערפאר זאלסטו מיך זומער־לעב לאזען הערען דאס געזאנג פון דיינע פאסטוכער“. אויף די פעלדער שטעהען בערג. קומט דער שניי און דעקט זיי איבער, באשיינען זיי העט־ארום די וועגען מיט זייער געהויבענקייט און העל־ווייסער שענקייט, און אין די ביינאכטען דינען זיי די פויערים אויף די וועגען ווי הויכע ליכט־טורעמס, וואס באשיינען די ווייט־ארומיגע שטרעקען. אמאל, ווינטער, אז הינטער די קליינע כאלופע־פענסטער־לאך שטעהט א פארבענקטער פויער מיט די אויגען אין דער ווייט, פארקוקט ער זיך דעמאלט אויף די הויכע שניי־בערג ווי אויף אן עק וועלט, שטעהט אזוי שעהן־ווייז, און שפינט זיך שטיל דעם מיסטעריעזען ערד־חלום פונם פרימיטיון פאר׳חידוש׳טען מענשען. די בעסאראביער בערג אבער אליין האבען ניט ליב די שווער־אנגעלעגטע שניי־דעקען. זיי רייסען זיך מיט זייער זאפטיג־פעטער ערד־שווארצקייט פון אונטער די ווייסע יארמולקעס, ווילען שטעהן פריי־ארויסגעהוי־בען מיט זייער טונקעלען גלאנץ, ווי אפגעגאסענע מיט בוימעל, און געדיכט־אנ־

געלאדענער ריזען־פעסטקייט, און העלדיש־גאוה'דיג אראפקוקען אויפ'ן נידעריי־גען העט־ארום. „וואס וויל דער שניי? וואס קומט ער אן אהער מיט'ן ווייסען, שטילען אומעט, און באגראבט אונז אונטער זיך?" — קלאגען די בערג. איז אז ס'קאטשען זיך שניי־שטיקער פון די בערג־הויכען אין טאל אריין, צי אנגע־הורבעטע קופעס רייסען זיך אפ ביי די נידעריגע ברעגען, אדער פלוצים ווערען גאר אין מיטען דעם פארשנייעטען בארג גריבער און טיפע שפאלטען — דאס האבען די בעסאראביער בערג זיך צעבונטעוועט, זוכען די פריי. ליגען זיי ווינ־טער אונטער די ווייסע, דיק־ארומגענומענע ליילעכער, און רייסען זיך מיט גע־בעט צו דער זון. שיינט דער דרויסען עטוואס אויף, צעקוועלען זיי זיך, און הויבען אן רינען. גיסט, שטראמט פון אונטען ביי דר'ערד, דער שניי צעלאזט זיך, פאלט איין, און ס'צעיאגען זיך פון אלע זייטען אין טאל אריין רוישיגע טייכען.

חיים־בער'ס טייך איז ארומגערינגעלט מיט בערג. מ'דערצעהלט: אמאל, אין א יאר פון רעגען־מאנגעל און טריקעניש: די זון האט געשאסען מיט שוועבעל, און געברענט פעלד און טייך ווי א גיהנום־פייער. דעמאלט האבען דא די בערג זיך אויפגעהויבען אין אן אחדות־קייט, פארשטעלט די זון, באוואר־פען דעם טייך פול מיט געדיכטע, קילע שאטענס, און דער טייך איז דאס שווערע יאר איבערגעקומען בשלום. איצט, אין די ווארעמע זון־טעג, האבען זיך פון די בערג געטראגען בלויע שטראמען, אנגעלאפען פון העט־ארום מיט קוועלענ־דיג־אויפגעקאכטען זשום און אימפעט, און זיך געלאזט צום טייך. האט דער טייך זיך איבערגעפילט, געווארען הויך און ברויזענדיג־אומרוהיג.

נחום האט זיך ארומגעדרעהט ביים ברעג א צעטומעלטער, ניט געוואוסט וואס צו טאן מיט זיך. האט ער צוגעשלאגען צו דער קאמער א פאר אפגעברא־כענע ברעטער, נאכדעם צונויפגעלעגט פון אינוועניג די עטליכע איבערגעקערטע זעקלאך געשטען: האט ארויסגעבראכט פון שטוב א שטיק נעכטיגע מאמע־ליגע, צעברעקעלט, און געווארפען פאר די הינט — און אויסגעשאטען א האנ־טוך מיט ברינזע־ברעקלאך: איז ארויף אויפן לייטער און, פארטראכט צום ווייטען האריזאנט, גענומען אראפשארען פון שטיבעל־דאך דעם נאכלאזענדיגען שניי — ס'זאל ניט קאפען איבערן האלז: און אלץ אזוי משוגע־שנעל, מיט טראגישען אומגעדולד. נאכדעם איז ער אוועק הינטערן שטיבעל צום שטיקעל פעלד וואס זומער פארזייעט ער עס, געקוקט אויף די נאקעט־אפגעלאזענע בוי־

מער מיט די פארשטומטע סקעלעטען־אברים; אויף די טיף־געבויגענע גראזען וואס ליגען אזוי מאט און אומבאוועגלאך, און קוים וואס מ'זעהט זיי ארויס פון אונטערן שניי: אויף די פארבלאטיגטע, צעטראטענע בוים־בלעטער וואס וואל־גערען זיך דא העט־ארום אויף דר'ערד מיט'ן געלען טויט אין די פנים'ער, און — „אך, אך ווי דאס לעבען וועלקט.“ די זון האט ער אפנים נישט געזעהען. וואס טוט מען? — האט ער אלע מאל זיך אפגעשטעלט, זאל איך היינט געהן צו מיין קינד'ס חתונה? אך, ווי איך וואלט וועלען זיין דארט! . . . וואס־זשע וועט זאגען דער טאטע? . . . און דא איז ער נאך אוועקגעפאלען קראנק.

— נחום, וואו ביסטו? — האט איהם א קלאפ געטאן באסיע־ביילעס קול.

— א־דא בין איך.

באסיע־ביילע איז אוועק הינטערן שטיבעל.

— נחום, ס'א גרויסער אומגליק, נחום! כ'ל עס ניט אויסהאלטען! וואס הייסט מיר'ן ניט זיין ביי אונזער קינד'ס חתונה! געוואלד, מענשען, כ'מיר נאר א מעשה אנטאן . . . מיר דארפען ניט קוקען וואס ער האלט אין איין שעלטען און בייזערען זיך. א קינד איז א קינד . . . כ'האב גענוג בלוט פארגאסען . . .

— אוי, נארעלע, כ'וויל דען ניט געהן? ווען זאלסט וויסען מיין הארץ . . . אבער אז אונזער קינד האט אונז פארט אומגליקליך געמאכט? . . . איז דאך גערעכט, דער טאטע! . . . זאל'ך אים נאך עקען די יארען?

— וואס רעדסטו, נחום, ס'רעדסטו! איצטער־א ווילסטו וויסען וואס שפעטער ט'זיין! אונזער אייגען בלוט און פלייש געהט היינט צו דער חופה, זאל ער זיין אהן טאטע־מאמע, ווי א קיילעכדיגער יתום? . . .

זי האט זיך געווארגען מיט א טרערען־שטראם, געבויגען זיך צו דר'ערד מיט דער לאנגער, דארער וואוקס, ווי א הויכער קלאץ, האלב אונטערגעשניטען, און דא איז זי צוגעפאלען מיט'ן פנים צו א זייטיגען בוים, אויפצוקענדיג מיט די אקסלען, ווי אין א הארץ־אטאקע.

— אוי, אוי, גאטעניו . . . וואס לעב איך אויף דער וועלט! . . .

נחום האט זיך שוין גאר צערודערט. האט געשוויגען, און איבערגע־פרעגט דעם ווייב'ס פראגע זיך אליין. האט גענומען ארומשפאנען, זיך טרייס־

לענדיג און איינגעבויגען, ווי דער פול־באַיאַרענטער זקן מיט די אומזיכערע טריט, געשאַרט און געוואָרפען אין דער לופטען די צעשפּרייטע, געלע בלעטער, געהאַקט מיט די פיס איבער תבואה־וואָרצלען ווי אָפּצוראַמען דערנער־צאַמען וואָס פאַר־שטעלען דעם וועג, געקוקט מיט כעס און חידוש אויף די בוימער און דער סביבה, און צולעצט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַן אָפּגעבראָכען קוסט־צווייגעל, און אָנגעהויבען קלאַפּען איבער די שטיוועל־כאָליעוועס מיט אַזאַ קלאַנגענדיג פייפען — אָט־אָט — אַן ערד־טרייסעל און — אויס וועלט!

— וואָס זשע וועט זיין, נחום?

— כ'בעט דיך, כאַסיע־ביילע... וואָס ווילסטו פון מיין לעבען?...

— פרעגסט נאָך וואָס איך וויל? — האָט די פרוי זיך געערגערט. ווייסט ניט וואָס?... און פּלוצים האָט זי גענומען היסטערים קוויטשען און געוואַלדעווען; זאָלסט היינט געהן, זאָג איך דיר, צו דער חתונה, דו הערסט, דו גזלן!.. דו מוזסט היינט פירען אונזער קינד צו דער חופּה, דו הערסט!... כ'ל דיך ניט לאָזען זיצען אין דערהיים — ניין, כ'ל דיך ניט לאָזען!... בין אַלע יאָרען אַרומגעגאַנגען מיט אַ שלאָס אויפ'ן מויל — איצט ל'איך שוין ניט שווייגען!... כ'האָב דעם טייך אין דר'ערד, ווייסטו שוין!!...

— ש־ש... שטילער... דער טאַטע...

— כ'וויל ניט וויסען, נחום. כ'ל מיר נאָר דאָס לעבען נעמען. מיר מוזען היינט געהן צו דער חתונה! — האָט די פרוי זיך גע'עקשן'ט.

— וואָס־זשע טוט מען מיט'ן טאַטען, כאַסיע־ביילע?

— ווייסטו וואָס? מ'מיר אָוועק ער זאָל ניט הערען, און ביינאַכט זיך אומקערען. גוט?

נחום האָט זיך אַ ריס געטאָן אין זיך מיט ציינער און נעגעל, אויסגע־ריסען אַביסעל לייב — און נאָכגעגעבען. ער ווייסט? אַז ביטער איז פון ביידע זייטען — אפשר וועט אַזוי טאַקע בעסער זיין? אי זיין ביים קינדס חתונה, אי דער טאַטע ווייסט ניט. ווי אַזוי זשע וועט ער קענען קוקען אין פּנים אַריין דעם ווערמיגען שונא? טאַקע שלעכט! ס'דאַך אָבער פאַרט אַ קינד. דען ניט גערעכט, כאַסיע־ביילע?...

נאָכדעם האָט זיך צירעל'ס פּנים צוקנייטשט ווי אַן אַלטער, טונקעלער פאַרמעט: „ניין, זי'ט ניט געהן צו אַזאַ ברודער אויף דער חתונה!

קוקט אן וואס ער האט געמאכט פונ'ם זיידען . . . ער האט אונז אלעמען אום גליקליך געמאכט !" . . . האט זיך פארמאכט די מיטל־טיר, און די מוטער האט שיער געקניעט:

— טעכטעריל מיינס, אי ־ ־ ך בעט דיך . . . טו צוליעב דיין מאמען . . . מיר זיינען שוין אזוי אויך גענוג פארשעמט".

און צירעל איז מיטגעגאנגען.

דער אלטער חיים־בער איז געלעגען אויפ'ן דיוואניקעל, און דער מוח — אין אומרוהיגע ווייטען. די היץ האט ארומגעקאכט אין איהם, ווי בריהענדיגע פאליעס, צעווארפען די הענט צו דר'ערד־צו, ווי דינע, דרינזשענדיגע קלעצלאך, און דער קאפ מיט די ווייסע, צעפאדעלטע האר־פעטליעס איז געלעגען אויף א זייט, ווי א צעוויקעלט הייפטעל קרויט. א קערפער—אלט און קרענקליך־איינגעקארטשעט, מיט שנייד־וועהען אין רוקען און אין לינקער ברוסט, דער קאפ — אין פלאמען — און צום נאכטראכטען רייסט זיך דער פישער מיט אן אומפארשטענדלאך־מאדנער עקשנות: „וואס ט'איצט זיין מיט'ן טייך ? . . . איבערלאזען אויף גאט'ס באראט ? . . . צוליב וואס זשע האט ער דא אפגעהארעוועט אלע יארען, דאס געזונט און לעבען אוועקגעלעגט ? . . . וואס ט'איצט זיין ? . . . ס'לאזען זיך דאך אוים די כוחות. וואס טוט מען . . .

האט געוואלט זעהן א לעבעדיג פנים, זיך איבערגעדרעהט אויפ'ן געלעגער, און אויפגעמונטערט: — הא ? דאכט זיך אוועק ? . . .

ס'האט זיך פארטשעפעט אן מוח:

— יא, כ'האב טאקע געהערט א שושקעריי מיט גנבים־טריט, און ניט געקענט זיך אויפרייסען ! אזוי ? מיך אפגענארט, הייסט עס ? . . .

אוונט. איבער די ברעג האבען זיך אראפגעלאזט גראע שאטענס, געשארט ביי דר'ערד, ווי משונה'דיגע, טונקעלע באשעפענישען, ארומפויזענדיג אויף די בייכער. אין פארבענקטען בין השמשות זענען פעלד און וועג מיט אמאל געווארען שטיל און וויסט—אויסגעלעדיגט, ווי די וועלט מיט איהרע לעבעדיגע ברואים האבען זיך צעלעגט דא אין די טיפע טאלען אויף נאכט־רו. איבער די פעלדער האט זיך נאר געהערט דער גערויש פון חיים־בער'ס צעשפילטען טייך. אוונט־טונקעל האט זיך איבער איהם אוועקגעלאזט מיט פארפלאנטערענדיגע געוועבען, ארומגעכאפט דאס שטיבעל אויפ'ן ברעג, אריין דורך

די פענסטערלאך צווישען די נעצען, אין די ליידיגע שטוב־כלים, איבער'ן אלטען פישער'ס געלעגער — און דער פישער, חיים־בער, האט א פארטראגענער זיך געראנגעלט מיט היץ־כוואליעס, קרעכצענדיג זיך ארומגעווארפען, און איבערגע־טראכט זיין לאגע.

— דאכט זיך, מיינע טעג זענען געצעהלטע . . . וואס־זשע ט'זיין ? . . . אך, ווי כ'וואלט וועלען וויסען וואס ט'זיין מיט'ן טייך! . . . מאטעל איז דאך שוין זייערער . . . און אז איציק־שלמה'לע וועט נאך מיין טויט נחום'ן אויך פאר־טרייבען, וועט מאטעל שווייגען . . . א ברירה וועט ער האבען ? . . . וואס־זשע קען איך טאן ? . . .

אוי, פ א ר ו ו א ס קומט עס מיר ? ! — האט ער פלוצים הויך א פרעג געטאן מיט א טענה און הארץ־געבעט. און דא האט עפעס איינער א מעכ־טיגער אים איינגעהאלטען אויף דעם „פארוואס“, אריינגעריסען אין דער פרא־גע דאס גאנצע לייב זיינס אז ס'זאל נאכטראכטען און זיך ארומווארפען מיט היץ, אין פיינליכער צעטומעלטקייט, און מיט אמאל עס א שטויס געטאן צו די אמאליגע יארען. ער האט זיך אנגעכאפט אן יענער צייט, געריסען טיפער, טי־פער, געווארען מאט, נאס און טויט־אפגעשוואכט, און זיך אלץ געקאכט און שרעקלאך געערגערט, ווי אט־אט דערגרייכט ער עפעס זעהר־נויטיגעס, שעצ־בארעס — און קען עס פארט ניט דערגרייכען. אין האלז האט געשטיקט, אז ס'האט זיך אזש די וועלט געדרעהט פאר די אויגען אין א קאראהאד, דאס לייב איז געלעגען אנגעגאסען מיט בליי, און דער מענש האט ניט אויפגעהערט זיך רייסען צום אמאליגען. ער האט דערזעהן אלט־באקאנטע פנים'ער, בילדער, און זיך אלע מאל א ווארף געטאן אין זיך, צו דער'הרג'ענען זיך אליין ווי א שווערען פארברעכער. דער מוח האט אלץ געפיבערט, זיך געהיצט, געוואלט אנכאפען דעם סאמע אנהויב פון אמאל, און צוקומען צו א גרויס געשעהעניש — ניט גע־קענט, און זיך געמישט, ווי אין וואנזיניגער צערודערטקייט. פלוצים האט דער אלטער זיך א ציה געטאן, דורכגעריסען דורך א געדיכטער נעבעל־וועלט, און אריין צום „טארג“ ביים פריץ אין הויף מיט פערציג יאר צוריק. באלד האט זיך דאס בילד אויסגעברייטערט, געווארען בולט'ער, קלארער, און אלץ האט זיך לע־בעדיג אוועקגעשטעלט פאר די אויגען :

פריהער, פאר'ן טארג, קומט אריין צו איהם פרויקע, איציק־שלמה'לעס פאטער, און דערצעהלט אים אז ער וויל קויפען דעם טייך אויף זיין, חיים־בער'ס,

נאמען. „אך, וואס פאר א גאלדענע אוצרות ס'ליגען דא באהאלטען . . . מ'קען דאך אנשיטען זעקלאך מיט גאלד! — מאלט אויס פרויקע. ער, חיים־בער, גע־דענקט נאך וואס פאר א חשק ס'האט אים באלד אנגענומען צו קויפען דעם טייך . . . אבער צו וואס טויג אים פרויקע? . . . דעם זעלבען פארנאכט איז ער אוועק צום פריץ, דערצעהלט אז פרויקע וויל קויפען דעם טייך, און ארייננעוואר־פען: „זעהט אויס, דער פארוואלטער זיינער מאכט ביי אים וואזשנע געשעפטען, אז ער קען אפקויפען ביים פריץ דעם טייך . . . כי־כי . . .“ דער פריץ האט זיך אנגעצונדען, שוין געוואלט שיקען רופען פרויקע'ן — נאר ער, חיים־בער, האט אים איינגעהאלטען. „נאכ'ן טארג“, — האט ער געטראכט. נאכדעם האט מען פרויקען פארטריבען פונ'ם הויף, און אין א צייט ארום איז ער געשטארבען אין שטאָט, געלאזט ווייב און קינדער אויף הפקר. דאס מסירה'לע איז חיים־בערס ארבעט, — האט שטאָט זיך געקאכט. אבער באלד איז ער אוועק וואוינען צום טייך.

יא, באנאנגען א שווערען פארברעכען, — האט ער זיך געהאלטען אן יענע טעג, און זיך געפייניגט .האט פארטריבען זיין „גוטען ברודער“ אין דר'ערד, אז ער זאל קענען האבען דעם טייך. ווי זשע האָט ער דעמאלט געפועל'ט ביי זיך? . . . האט זיך גארנישט בארעכענט? . . . ווי אזוי האט ער געקענט הרג'ענען א מענשען, זיין אמת'ען פריינט? ניט אומזיסט האט זיין זון איציק־שלמה'לע זיך אוועקגעזעצט פון יענער זייט טייך, און איז זיך נוקם! . . .

א הייסע, פארמאטערענדיגע נאסקייט האט אים דורכגעווייקט. האט ער זיך באהאלטען אונטערן צודעק — ווייל ס'איז אים קאלט געווארען. נאכדעם האט ער ברומענדיג זיך איבערגעדרעהט אויף א זייט, און ווייטער געטראכט:

וואס זשע קען איך טאן? פארפאלען! . . . כ'האב די ערשטע יארען גע־נוג זיך געגעסען פון חרטה. נאכדעם איז פאוואליע איבער — כאטש דאס הארץ האט שטענדיג זיך געשראקען . . . איצט איז געקומען די צייט פון נקמה . . . אויף דער עלטער . . . יא, כ'האב פארדינט די שטראף . . . אה, ווי ס'טוט מיר באנג! . . . פארוואס האב איך גערארפט אים אזוי אומזיסט אומברענגען — אזא מערדער ווי כ'בין! . . . וואס־זשע קען איך איצט טאן? . . . כ'קען זיך דען ריינוואשען? . . . און דא געהען אויס די כוחות . . . אך, גאָט, ווי ס'גלוסט זיך ניט צו שטארבען מיט דעם שווארצען פלעק . . . כ'האב דאך אים פשוט דער־הרג'עט, פרויקען . . . ניט אומזיסט האב איך איצט אזוינע צרות! . . . וואס טוט

מען ? . . . ווי אזוי זאל איך זיך אויסלייזען ? . . . ווי אזוי בעט מען איבער דעם מת ? . . .

ער האט ניט געקענט איינליגען. די היץ און ערגערענדיגע אומרו האט אים אויפגעזעצט, און די צעטומעלטע, ברייט־צעשפּראלעטע זשאר־אויגען האבען אנגעהויבען ארומלויפען אין צימער זוכענדיג הילף. האט ער זיך א פּנים געפילט געבונדען צום ארט, ווי מיט אייזען־קייטען: ווייל די הענט האבען זיך אויפגעהויבען מיט געבעט אויף רחמים, דער קערפּער האט געצויגען ערגעץ מיט אומאויסדרוקבארער פּיין און אומגעדולד — און א ריהר־טאן זיך איז געווען אוממעגליך. וואס טוט מען ? . . . ווי ראטעוועט מען זיך ? . . .

ער האט אנגעהויבען ארייגריידען אין דער ליידיגער שטוב אריין ווערטער פון עגבערענדיגער חרטה און תשובה־געבעט. האט פארגעסען די פּערציג יארביים טייך, געקוקט צו יענע טעג צום אנהויב פון אלדעס בייז, מיט וואנזיניגער ארייגעצויגענקייט, ווי ער וואלט דורכזעהן דורך דיקע, גראע ווענט אלט־באקאנטע, גרויזאמע בילדער וואס מוטשען און שרעקען — און וויל פארט זעהן וואס מער. און אזוי זיצענדיג טיף פארטראכט, מיט׳ן עסעניש פּארוואס ער האט דער׳הרג׳עט אן אייגענעם ברודער — אזא מערדער! — האט ער פּלוצים אויפגעכאפּט דאס צעווילדעוועטע ברויזען פונ׳ם טייך, און זיך אומרוהיג אריינגעווארפען אין גערויש. עפּעס האט זיך אים איצט, אין זיין שרעק און צעטראגענקייט, אויסגעוויזען ווי א מחנה אומגעלומפּערטע צו־להכעיס־ברואים באהאלטען זיך דא ערגעץ אין ארומיגען חושך, און רוישען דא מיט שנאה און ווארנונג אויף זיינע אמאליגע מעשים. אלע מאל האט א קאך געטאן, א בראזגע, און ס׳האט זיך צעברומט א צארן . . . כא־כא־כא! — האט א זעץ געטאן צווישען אלע איינער א בייזער, מיט א שדים־געלעכטער. מ׳האט שוין, מיינט ער, פארגעסען!... דו נאר, אזוינע מעשים פארגעסט מען ניט! האט ער געציטערט, געוואלט אריין אין זיך — און זיך געצויגען טיפער. האט זיך שרעקליך געערגערט. און — אזוי מאדנע! . . . האט זיך געריצט מיט זיך אליין אז יענע, הינטער דער וואנט, זענען גערעכט! יא, ס׳קומט אים, ס׳קומט אים, דעם ברודער־מערדער! . . . וואס האט ער דען געהאט צו פּרויקען ? . . . יענעם אומגעבראכט — אבי זיך א טובה! . . . אך, אויסוואורף! . . . די אנגעיאגטע טייך־וואסערען פון בערג און ווייטען האבען זיך גענומען באוועגען האסטיגער, טומעלדיגער, אנגעלאפען צו די אויערן מיט צעשפּילטע כוואליעס־אויפגערוישען, און קאכיגען

שוים־אומרו. דאס גערויש פון די וואסערען און די אומגעלומפערטע קולות פון אינוועניג, האבען דעם אלטען צעטומעלט און פארשלונגען: אוי, וואס ווילען זיי פון איהם? . . . די שטימען הויבען זיך אלץ העכער, שרייען, רודערן, בונטעווען זיך מיט צעטומעלטען הו־הא און פייער־צארן, ווי אט וועט מען באפאלען עמי־צען, און מ׳קען נאך צווישען זיך ניט אויסקומען ווער, און ווי אזוי . . א פנים מ׳אמפערט זיך וועגען זיין שטראף . . . מ׳וועט זיך באלד א לאז טאן צו אים . . . יא, לויט די אויפגערעגטע טומעל־קולות דערקענט ער אז באלד גיבען זיי זיך א צעשפרייט אויף דער פריי, און מיט דונערענדיגע יובל־געשרייען באפאלט מען אים פון אלע זייטען . . . נאכדעם ליגט ער שוין א צעקארטשעטער, א פארפיי־ניגטער, און ווערט דערשטיקט פון א שווערער, טומעלדיגער שדים־משא . . . וואס ווילען זיי, די ווילדע? . . . מ׳לאקערט אין רוישיגע מענגעס הינטער די פענסטער, און מ׳ווארענט מיט שרעק און אומקום! . . . וואס־זשע וועט זיין?... ס׳דאך פארפאלען — פארוואס־זשע זאלען זיי ניט האבען קיין רחמנות? . . .

דא האט זיך א הויב געטאן דער גערויש מיט א צעבייזערטקייט פון א צעזאטענעם ים, מיט טויזענד גראב־ברוסטיגע, היה׳שע ברום־קולות פון זיין טיף ארוים. הא? . . . דאכט זיך אז צווישען גערויש פון די בייזע הערט זיך פרויקעס שטימע? . . . יא, ער דערקענט זי . . . דאס איז זי! . . . א פנים, ער פירט זיי צו אים, די ווילדע כאפטעס . . . פרויקע וויל זיך מיט אים רעכענען . . . חיים־בער האט זיך איינגעהערט טיפער. ניין, דאכט זיך אז פרויקע שטעהט דארט קעגען דער צערייצטער חברה מיט צעשפרייטע הענט, און פארשטעלט זיי דעם וועג . . . ווייזט אויס אז ער וויל אליין צוקומען — נאכדעם וועט ער א רוף טון „יענע“ . . .

חיים־בער׳ס אויגען זענען געווארען ווילד־דערשראקען, און דער קערפער האט זיך נעבעכדיג איינגעקנייטשט:

— ר־חמים, ברודער . . . ז - יי מיר מוחל . . .

דורך דער וואנט, אקעגען טיך, האט זיך דורכגערוקט פרויקע, געלאזט די מחנות פון יענער זייט, אויפגעקאכטע, צעבונטעוועטע, מיט אנזאגען אויף אומגליק. אז פרויקע האט זיך דערנעהענטערט האט חיים־בער אויפגעהויבען די הענט, און זיך צוריקגעגעבען, ווי אונטער מערדער־כלי־זין:

— או־י, פרויקע טייערער . . .

פון יענער זייט האָבען די דראהענדיגע מאַסען ניט אויפגעהערט שרייען, געוואַלדעווען, וואָס אמאָל ווילדער: הו־הו־! . . . הו־הו־! . . . פּאַרניכטונג! . . .
— און פּרויקע אליין איז אריין אין שטיבעל, און מיט אמאָל געבליבען שטעהן אזוי שטיל, דערשלאָגען — איינגעבויגען, מיט אַן אויסגעמאַטערט, קליין פּנים, און מיט אזוינע אויסגעלאָשענע, פאַר׳צער׳טע אויגען, אז דער אַלטער האָט זיך געריסען דאָס האַרץ, און שיער ניט אויסגעגאַנגען פון יסורים.

— זאָג, חיים־בער, וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך דיר געטאָן? . . . פאַרוואָס האָסטו מיך אומגעבראַכט? . . .

— פּרויקע, וואָ־ס קען איך איצט טאָן? . . .

פון ערגעץ הינטער זיך האָט פּלוצים אַ קלאַפּ געטאָן צום מוח: „יאָ, ער קען עפּעס טאָן!", „באַלד קען ווערען בעסער!" — און דאָ איז פּרויקע געבליבען אַן אַ זייט. דער צעמישטער מענש האָט צווישען ארומיגען, כּאַטיש־וואויעגדי־גען געריוש, פּאַרנומען פון ערגעץ אַ דין, אנגענעהם שאַרכען, ווי פון ווייטע, מוזיק־טענער וואָס אַ נאָהענטער טומעל פּאַרטויבט זיי — און האָט זיך עפּעס אנגעהויבען ציהען אַהין ווי צו אַ ישועה: דאָרט־אָ איז די באַפרייהונג, די אויס־לייזונג . . . ער מוז זיך וואָס גיכער אַרויסראַטעווען פון׳ם בייזען ברומען און מזיקים־אנגריף פון יענער זייט וואַנט! . . . גיכער־זשע, שטאַרקער! . . . די ישועה איז ניט ווייט, — לאָז ער אַלע כּוחות אנשטרענגען! . . .

הינטער דער טיר האָט אַ פּערד אַ הירזשע געטאָן. אין שטיבעל איז אריין הערשל כיטראַק מיט אַן אומרוהיג קראַצען אויפ׳ן שטערן. איז אַ ווײַלע געשטאַ־נען אריינגערוקט מיט די אויגען אין דער טונקעל, יום־טוב׳דיג — און צושראַ־קען.

— גוט נאָוועגט, רב חיים־בער.

קיין ענטפער.

פינסטער, — האָט הערשל געמורמעלט אַ דערשראָקענער. האָט אויפגע־זוכט די שוועבעלאַך, אנגעצונדען דאָס לעמפּעל, און דערזעהן אויפ׳ן דיוואַן חיים־בערן.

— וואָס טוט איר, רב חיים־בער? . . .

דאס הארץ האט פארנומען היימישע ווערטער — קלאנגען פון ווייט־אמאל, און ס'איז קוים צעגאנגען דער טשאד אין מוח.

— ווער איז דאס?

— איר דערקענט ניט הערשלען? . . .

— וואס טוסטו, הערשל ברודער? — האט חיים־בער, א דערשעפּטער. זיך אנגעכאפּט מיט גדולה.

— וואס זאל איך טאן? . . .

הערשל האט אים הינטערגעשפּארט מיט'ן קישען, געפרעגט ווי ער פּיהלט, און צי וואלט ער קענען אראפּשפּאנען אויף דער ערד. דער פישער האט אראפּגעווארפען די פּיס, דערפּיהלט די פארמאטערטקייט.

לאז מיך א מינוט זיך אפּרוען, — האט ער אפּגעשטופּט הערשלען מיט א האנט. כ'בעט דיך . . . און דער ווייסער, צעשויבערטער קאפּ איז געפאלען אויף דער ברוסט.

נאכדעם האט ער זיך אויפגעמונטערט:

— וואס ביסטו געקומען, הערשל? . . .

וואס? . . . איהר מעגט מיך זידלען, רב חיים־בער . . . איהר מעגט מיר זאָגען וואס אין דער קארט . . . כ'בין געקומען איהר זאָלט געהן צו דער חתונה . . . מ'ווארט אויף אייך מיט דער חופּה . . . מיט איציק־שלמה'לען איז שוין אָפּגערעדט. שוין! . . . וואס ס'געווען איז פארפאלען: איצט דארף זיין שלום . . . וואס זאגט איהר?

שלום, — האט חיים־בער א געריהרטער איבערגע'חזר'ט — און אויפ'ן מוח איז ארויף פּרויקע: „פּרויקע'ס אייניקעל און זיין אייניקעל . . . זיך איבערבעטען" . . . פון די פּלייצעס איז אראָפּ א שווערער האָרב, ס'איז געווארען ליכטיג, און עפּיס א נייער כח איז אין איהם אריין. ער האָט זיך אויפגעהויבען:

— כ'געה, הערשל, כ'געה . . .

אויפ'ן הויף איז געשטאַנען די פישער'ס משא־וועגעלע. האָט הערשל איינגעשפּאַנט דאָס מיטגעבראכטע פערד, געהאָלפען חיים־בער'ן אויפשטייגען און אוועק.

---

אויפ'ן בארג, אין א גרויסען טשאפראן*) וואָס איציק־שלמה'לע, מאָטעל, און עטליכע פריינט, וואלאכען, האבען אין די לעצטע טעג אויפגעשטעלט, זיינען זיך צונויפגעקומען די חתונה־געסט: א חברה לוסטיג־אויפגעלעגטע שטאט־אידען און מאלדאוואנעס פון נאהענטען דארף. די הויכע ברעטער־ווענט זענען געווען צירלאך אָרומגעהאָנגען מיט פארשידען־קאָלירטע, טייערע, וואָלענע קילעמעס וואָס דאס ברייט־הארציגע דארף האט דא אנגעטאסקעט, באלויכטען מיט גרויסע, באַצירטע, העגנענדיגע לאמפען וואס די אלטע שטאמי־שוהל האט צוגעשיקט — און דער פרעסטער, ראפטאם־אויפגעהויבענער טשאפראן האָט זיך פארוואנדעלט אין א רחבות'דיגען זאל, וואו פרייע מענשען זאלען קענען א יום־טוב'דיגען הוליע טאן.

אין דרויסען, ארום טשאפראן, זענען געשטאנען לאנגע שוהל־בענק און געווארט אויף א ליידיג ארט. ווי זשע האבען זיי געקענט אריין? פאר'ן מענשען, אוועק פון דער גרויער ווירקליכקייט, מיט די פרעהלאך־אויפגערוישטע, זיסע הארץ־פריידען — פאר זיין אויסגעפלאצטער גדולה דא, איז נאָר גאָט'ס פריי פעלד געווען. זענען אינוועניג, אויבען־אן, געשטאנען צוויי וויים־געדעקטע טישען אנגעשטעלט מיט פרוכטאוואניקעס לעקאך און פלעשלאך בראנפען, — און ווייטער — טאנץ און פרייד־זשום! ס'האבען זיך געגליטשעט און געשפרונגען אין דער ליכט אָנקוועלענדיגע מענער־און־פרויען־גרופעס, און צעמישטע יונגע פּאַרלאך, מיט התפעלות'דיג־צעפענטע מיילער, געטאנצט אונטער די צעלאזענע מוזיק־טענער און אונטערגעזונגען צום טאקט, געדרעהט און געווארפען זיך איינער אויפ'ן צווייטען אהן א טאלק מיט די אלט־מאדישע קאלירטע טיכלאך, קאפעליושען און שאפענע קוטשמעס אויף די קעפ, מיט גלאנציגע, צוהיצטע שטערענס און צערויטעלטע אויגען, און מיט אזא קלינגעריי פון גראבע מענער־קולות, און קוויטשענדיגען יוגענד־טומעל, אז ס'האט אויסגעקוקט ווי א מחנה משונה'דיגע מענש־און־מאלפע באשעפענישען האט זיך דא צעלאזט מיט שפרונג און ליארם, אין א פארפלאנטערטען, אומגעלומפערטען כישוף־טאנץ.

— פרעהלאך, ברידער! — איי, לעבעדיגער! . . . אה־אה, הוליע קבצן!... אייאינטראט אין דזשאָק — דזשאָקי! . . . **)

דא האט זיך דערהערט הערשל ביטראק'ס קול, מיט אויער־לעבערענדיגע געוואלדען: „העי, מאכט וועג! . . . לאזט דורכגעהן! . . .“ דאס טאנצען האט מיט אמאל זיך אפגעשטעלט.

*) א געביידע פון ברעטער.

**) ביסט אריין אין טאָנץ—טאַנץ!

— חיים־בער פישער געהט ! דער אלטער חיים־בער ! לאזט דורך ! . . .

די מוזיק איז פארשוויגען.

העט־אויבען, נעבען די טישען מיט'ן אנגעשטעלטען זיסוואַרג, איז אין א זייט געזעסען א־ציק־שלמה'לע מיט אומרוה־אויגען, און אויפגעטרייסעלט פון די געוואלדען „לאזט דורכגעהן ר' חיים־בער'ן !" אזא שנאה, אזא צו־להכעיס געווען — ווי וועט מען זיך איבערבעטען ?

דער עולם האט זיך צונויפגעדרענגט ארום איציק־שלמה'לען מיט בליצענ־דיגע נייגיער־אויגען. שא. א שטילקייט, ווי פון יענע וואס לויערען אויף סכנה־ערטער : „ש־ש . . . לאמיר הערען . . . " שטאדט־אידען מיט מוחות פון געניטע הענדלער האבען ארויפגעוואַרפען די אויערען אויף פרעמדע אקסלען, און פארטיג געווען יעדע מינוט אריינצוּוואַרפען א המצאה'לע — ס'איז שוין אייביגער שלום! די מאלדאוואנעס מיט די רונד־ארומגעהאנגענע טשופרינעס, קארטענע און פערע־סינענע יום־טוב־אנצוגען, און דימענטענע העמדער־קנעפלאך אונטער'ן האלז, האַ־בען נאכגעקוקט אומגעדולדיג און תם־עוואטע — צערוישט : „ווען הויבט זיך שוין אָן די סצענע פונ'ם „איבערבעטען" ? „אין דער מאמעס צלם אריין ! . . ." אז חיים־בער האט זיך געלאזט צו איציק־שלמה'לען, האט דער לעצטער איב אקעגענגע־שפאנט.

הערשל האט געשפאנט פאראויס פון חיים־בערן. אז די צוויי האבען זיך באגעגענט, האט הערשל אנגעכאפט זייערע רעכטע הענט :

— נו, גיט זיך אפ מזל־טוב, מחותנים !

מזל־טוב ! ! — האבען ביידע שטיל נאכגעזאגט, מיט די אויגען צו דר'ערד.

מזל־טוב ! ! — האבען אידיש־קוויטשענדיגע קולות אויפגעשריען. און באלד האט א מאסע גראב־אויסגעקאטשעטע, מאלדאוואנישע שטימען א קראך געטאן, ווי די דונערען איבער די בערג :

— ס'זאלען לעבען זשיפּוני חיים־בער, און זשיפּוני שליאמקע ! ! . . .

אינמיטען פונ'ם אויסגעפלאצטען טומעל זענען איצט די צוויי מענשען שטעהן־געבליבען פיינליך־צעקרומט, ווי אונטער אן איבערגעלאדענער משא, מיט געבויגענע קעפּ. ערשט איצט האט מען דערפיהלט די גרויסע וועהען אין די אברים. ערשט איצט האט זיך ביטער א קלער געטאן וועגען די לאנגע יאָרען מיט'ן זינדיגען גיפט אין הארצען, מיט'ן אונמענשליכען, בייזען נקמה־דורשט און חיה'ש־

ווילדען עקשנות — און טעמפּע עגבערס האבען געמאַטערט די מענשען: פּרעסענ־דיגע חרטה. „וואו נעמט מען, הא? וואו נעמט מען ערגעץ, גרויסע וועלט, דאס אמת׳ע, טייערע מחילה־ווארט, מ׳זאל קענען אויפהויבען די אויגען פאר בושה?... אך, מענש, מענש! . . . ״ חיים־בער איז געשטאנען הכנעה׳דיג־שטיל, ווי דער מערדער מיט׳ן ודוי אויף די ליפּען, געציטערט, ווי דאס פארלוירענע קינד אויפ׳ן פּראסט־וועג, און אזוי שווער געאטעמט, אז ס׳האט זיך פּשוט פונ׳ם הארצען א קלאג ארויסגעהערט.

כ׳בעט דיך, איציק־שלמה, זיי מיר מוחל, — האט חיים־בער מיט אמאל אויסגעזעצט.

און איבער די קעפּ האט זיך צעטראגען א יאמערענדיג בליפּען.

אויפגערויש פון צעוויגטע מאסען, ווי צווישען שטילע וואלד־בוימער אין פּלוצימדיגען ווינט. נאכדעם האט איציק־שלמה׳לע געווישט די רויטע אויגען, און — גליוזער־שטילקייט.

— נו, איציק־שלמה, פירסטו היינט צו דער חופּה דיין טאכטער?

— יא, רב חיים־בער . . . און איר — אייער אייניקעל.

— ווערען מיר, הייסט עס, מחותנים?

— יא, מחותנים . . .

— א דאנק דיר, רבונו של עולם! . . .

און ווידער געוויין:

— אפּגעלעבט דאס ביסעל יאהרען . . .

נו, געגוג געוויינט! — איז צוגעגאנגען הערשל צו חיים־בער׳ן. די עלטע־רען ווארטען שוין אין דרויסען מיט׳ן חתן.

— אבער פריהער א „לחיים“, — האט געבעטען איציק־שלמה׳לע.

מ׳האט אריינגערופען די עלטערען, און געטרונקען „לחיים“.

— לחיים, מחותן, — האט חיים־בער אנגעקלאפּט זיין כוס אן איציק־שלמה׳לעס, — גאט זאל העלפען דער טייך זאל גיבען פיש, און מיר זאלען זעהן נחת אין אונזערע קינדער.

— מיר זאלען לעבען אין גליק און אין פרייד.

און אין שלום, — האט הערשל פארענדיגט.

פילאדעלפיע.

